# דער שנעע

א דראמא אין 4 אקטען

— פון —

סטאַניסלאַוו פּשיבּישעווסקי

איבערזעצט פון פּוילישען פון ש. עפּשטיין

---

פערלאַג: מייזעל עט קאָ.
422 גרענד סט., ניו יאָרק.
1911.

# פערזאָנען:

טאדעאוש.

בראָנקא, זיין פרוי.

יעווא, איהר פריינדין.

קאזימיעזש, טאדעאוש'עס א ברודער.

מאקרינא.

דיענער.

# ערשטע אקט.

א רייך - צוגעקליבענעם עס - צימער. דורך זיינע גרויסע, הויכע פענסטער און דורך די גלעזערנע טיר פונ'ם ווינטער-גארטען זעהט מען נאקעטע בוימער, בעדעקטע מיט פראסט און שטיקער שנעע. אין ווינקעל געפינט זיך א גרויסער, אלטמאדישער קאמין; נעבען איהם ליעגען שויטלעך סאסנע - האלץ, וועלכע קאזימיעזש ווארפט מיט א נערוועזער בעוועגונג פון צייט צו צייט אין פייער. בראנקא שטעהט ביים פענסטער און קוקט אונרוהיג אין שנעע - שטורם.

ק א ז י מ י ע ז ש: וואס ביזטו אזוי אונרוהיג? זיי זשע ניט קיין קינד. וואס שרעקסטו זיך אזוי?

ב ר א נ ק א: האב נאט אין הארצען, קאזיו, צי דען זעהסטו ניט, ס'ארא זאווערוכע ס'איז? כמעט א גאנצען טאג שיט און שיט. הורבעס האט אנגעווארפען. דארט אונטער'ן שטאדט ציהט זיך דער וועג אהן בוימער באלד אויף א קילאמעטער די לענג. פלוצלינג וועט דער קוטשער פערבלאנדזשען. דער שליטען וועט זיך אין א גרוב איבערקעהרען.

ק א ז י מ י ע ז ש (רייסט זי איבער): נו, איז וואס? טארע-אוש וועט ארייגפאלען אין גרוב. וועט איהם וויין זיין.

ב ר א נ ק א: אה, ס'ארא שלעכטער דו ביסט!

ק א ז י מ י ע ז ש: זיי נאר ניט בייז. איך קוק אבער ווירק-ליך אויף אייך, ווי אויף צוויי קליינע קינדער. אייערע בעציהונגען — דאס איז א זעלטענהייט. שוין א יאהר צייט, ווי איהר זייט פערהייראט, און איהר שפיעלט זיך נאך אלץ אין צערטליכקייטען, אקוראט ווי איהר וואלט זיך ערשט נעכטען בעקאנט.

ב ר א נ ק א: ד א ס אבער, טאקי דאס מאכט אונזער לעבען אזוי שעהן.

ק א ז י מ י ע ז ש: געווים, געווים. זאָג מיר נאָר, טייערע בראנקא, וויפיעל ליעבעס-בריעף האָסטו ערהאלטען פון דיין טאַ־דזיא'ן פאר די וואָך צייט, וואָס ער איז אין דער היים ניטאָ.

ב ר א נ ק א: אך, ווען דו וואָלסט געוואוסט, ס'ארא וואונ־דערבאר-שעהנעם בריעף ער האָט מיר געשריבען. ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי איך האָב ליעב דיעזע בריעף! אזעלכע שעהנע ווער־טער קען קיינער ניט זאָגען.

ק א ז י מ י ע ז ש: נו, ווערטער זיינען ניט פון די שווערע זאכען. טאַדעאוש האָט דיך אָבער אויף אן אמת ליעב. (פערטראַכט) יא, ער ליעבט דיך זעהר. איך בין מקנא אייער ליעבע און אייער גליק. (פויזע.) דאָ מיט אייך ווער איך איינגאנצען עובר בטל. אלץ אָפטער חלום'ען זיך מיר סענטימענטאלע אידיליען וועגען עפּעס א ווינקעל, וואו איך זאָל קענען נעבען א געליעבטער און ליעבענ־דער פרוי פריי ארבייטען. פערמאטערט, פערמאטערט האָט מיך דאָס אייביגע ארומוואנדלען איבער דער וועלט. אלץ נארישקייטען. די ארטיסטישע איינדרוקען, מוזעאומס, טעאטער, צירק, איטאַ־ליען, פּאריז — אלץ נארישקייטען, נארישקייטען, נארישקייטען. מעהר ניט נאָך א גרעסערע לאנגווייליגקייט. אומעטום איז איינס און דאָס זעלבע, און אזוי וואנדעלט דער מענש פון איין ווינקעל אין א צווייטען מיט איינער און דערזעלבער לאנגווייליגקייט.

ב ר א נ ק א: קאזיו, קאזיו, ס'ארא אומעטיגער דו ביסט. אזא אונענדליכען אומעט האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן.

ק א ז י מ י ע ז ש: יאָ, אזוי איז עס.

ב ר אַ נ ק א: און וואָס וואָלט געווען, אז דו זאָלסט זיך פערליעבען, קאזיו?

ק א ז י מ י ע ז ש: סיידען אין דיר. אזוי צי אזוי — איך האַלט שוין ניט ווייט פון דעם.

ב ר אַ נ ק אָ (שפּאַסענדיג): עי, דו, נארעניו, וואָס וואָלסטו געמאכט מיט אזא איינפאכער מיידעל, ווי איך. אזעלכע איינפאכע, געוויינליכע מיידלעך זיינען ניט פאר דיר.

ק א ז י מ י ע ז ש (איראָניש): אקוראט פאר מיר. געגוג

וועט שוין זיין אויף מיין חלק פון יענע נארישע, פוסטע פּאוועס, וועלכע שפּיעלען די ראָלע פון טייוואָלים און פערפעפערן דערמיט דאָס שמאקלאָזע, פּרעכע בעריהמען זיך מיט טעמפּעראמענט און ליידענשאפט; עס וועלען קלעקען פאר מיר יענע צוקער־זיסע פאלשע בעגייסטערונגס־מלאכים. געגוג וועלען פאר מיר אויך זיין די האַרביגע מכשפות, וועלכע פיהרען געשפּרעכען אויף דעם פליכיגען בארג פון געלערענטקייט, וויסענשאפט און געזעלשאפטלי־כער טהעטיגקייט. אָה, גלויב מיר, מיך האָבען שרעקליך אויסגעמור־טשעט דיעזע אנדריגונס'ען, צו־ברעקעלטע האלב־מענליכע נשמות (רייבט דעם שטערען און וואַרפט צו נערוועז האָלץ אין קאמין, געהט ארום איבער'ן צימער). אָט דאָס טאקי דארף איך האָבען, אזא איינפאכע מיידעל, אזא ווייסע, געוועהנליכע מיידעל, יא... גאנ־צע אָבענדען פערברענגען ביים קאמין, מיט אזא אונשולדיגער, וועל־כע איז ניט בייגעשטאנען ניט דעם נסיון פון זינד, ניט דעם נסיון פון וואָהלטהעטיגקייט. פיהלען געבען זיך א פּרויענצימער, וועלכע ווייסט ניט, ניט פון פּרינציפען, ניט פון טעאָריעס, ניט פון ריכ־טונגען, ניט פון קיין שום איזמען, און האָט נאָר א הארץ, א ריין, היים הארץ! אה, דאן וואָלט איך פערגעסען דעם אומעט און די בענקשאפט...

ב ר אַ נ ק אַ: א, ווי דו נארסט זיך אליין. צוויי טעג וואָלט דיר פערשאפט פערגעניגען אזא געוועהנליכע מיידעל און דערנאָך...
נו, און וואָס דערנאָך, דערזאָג שוין אליין ביי זיך אין הארצען...

ק אַ ז י מ י ע ז ש: אזוי מיינסטו?.. אָבער א מאָדנע זאך, מיט אזא איינפאכער מיידעל, ווי דו האָסט זיך אליין אנגערופען, רעד איך שוין א גאנצען טאָג, בין זיך איהר אין אלץ מתודה, טייל זיך מיט איהר מיט יעדען געדאנק, און מיר איז ניט נאָר אפילו איין רגע ניט געווען לאנגווייליג, נאָר פערקעהרט, איך האָב נאָך קיין מאָל ניט איבערגעלעבט אזעלכע גוטע, ליעבע טעג, ווי דאָ ביים ברודער, און צוזאמען מיט דיר... (שפּאַסענדיג) ווייסט, בראָנקאָ, איך וועל זיך אין דיר ערנסט פערליעבען.

ב ר אָ נ ק אָ (אין זיין טאָן): ווען דו וואָלסט דאָס אלץ ניט

גערעדט אזוי לאנגווייליג און אביסעל אומעטיג, און וואלסט פריי־
הער פון אלץ ניט געטראכט וועגן גאר אנדערע זאכען, וואלט איך
דיך געקענט חושד זיין, אז דו ווילסט מיט מיר אנהויבען צו פיה־
רען א לייכטען פלירט.

ק א ז י מ י ע ז ש (לאכענדיג): און פאר וואס ניט, מיין שעהנע שווענערין? די קונסט פון אזא אונשולדיגען אויפרעגען זיך און אנדערע קען זיין זעהר שעהן און אנגענעהם... ווי, למשל, איינער זאל אויסטרינקען א בעכער פייערדיגע אמאנטילאדא.

ב ר א נ ק א: איך האב ניט קיין חשק צו פערזוכען דאס פייערדיגע אמאנטילאדא. (צוטראגען) אבער וואס זאל עס בעדייטען, וואס טאדעאוש קומט נאך ניט צופאהרען? איך זאג דיר, קאזיו, דער קוטשער האט געווים איבערגעקעהרט דעם שליטען אין א גרוב.

ק א ז י מ י ע ז ש: אבער זיי ניט אזוי אונגעדולדיג. דער שליט־וועג איז א שווערער, דער שנעע — טיעף, און מען קען דאך ניט פערטרייבען דעם פערד ביז'ן טויט.

ב ר א נ ק א: דו ביסט גערעכט. אלענפאלס, קאזיו, רעגנסטו אזוי אויף א מענשען מיט דיין אומעט און קאלטער מרה־שחורה, און אין דער זעלבער צייט מאטערסטו אזוי, אז... (רייסט איבער).

ק א ז י מ י ע ז ש: נו, אז וואס?

ב ר א נ ק א: אז איך בין גרייט צו לויפען און אויפצוווע־
קען יעווא'ן. איך פערשטעה ניט, פאר וואס שלאפט זי שטענדיג?

ק א ז י מ י ע ז ש: און אפשר שלאפט זי ניט?

ב ר א נ ק א: נו, מיידט זי אונז אויס.

ק א ז י מ י ע ז ש: ניין, זי פיהלט, אז אונז איז בעסער אהן איהר.

ב ר א נ ק א: שלעכטער דו! זי איז אלעמאל געוועזן מיין נאהענטסטע, הארציגסטע פריינדין. דו קענסט זיך גאר ניט פאר־
שטעלען, ווי גליקליך איך בין, וואס זי איז אם ענדע געקומען צו פאהרען. איך האב זי צוויי יאהר ניט געזעהן. ווייסטו אבער, קא־
זיו, זי האט זיך אינגאנצען געענדערט. איך האב ניט געוואוסט,

אז אין אזא קורצער צייט קען די מענשליכע נאטור אזוי זיך אינ־גאנצען אומבייטען.

קאזימיעזש: אין וועלכער הינזיכט האט זי זיך גע־ענדערט?

בראנקא (אין א לייכטער פערווירונג): זעהסטו... זאגען דיר דאס — שטערט מיר נאך עפעס די בושה פון א פענסיאן־מיידעל... דיר אבער מעג מען אלץ זאגען. דו ביסט דאך סיי ווי סיי ניט קיין מאנסביל.

קאזימיעזש: אבער דערצעהל מיר עפעס וועגען יע־וואן. דאס אינטערעסירט מיך זעהר.

בראנקא: פערשטעהסט, זי איז א יתומה און זעהר רייך. און אין דעם איז איהר גאנצער אומגליק, וואס זי האט גע־קענט אויספיהרען איהר יעדען קאפריז... נאר ניט דאס האב איך דיר געוואלט זאגען. מיר זיינען געווען צוזאמען אין איין פענסיאן און אונז האט צונויפגעבונדען אן אויסערגעוועהנליכע ליעבע. זי האט מיך געליעבט משוגע, אזוי אז איהר ליעבע איז פאר מיר צייט־טענווייז געווען א קוואל פון ליידען און פיין. דא איז זי געווען גוט, ווי א שעפעלע, מיט וועלכען איך האב זיך געקענט שפיעלען. דא האט זי זיך פערוואנדעלט אין א שקלאפין, וועלכע פלעגט לעזען יע־דען געדאנק אויף מיין שטערען, און דא פלעגט זי ווידער ווערען קאפריזנע, ווי א טיראן, און זיין אייפערזיכטיג אויף יעדען געדאנק מיינעם, אויף יעדען דופק פון מיין הארצען.

קאזימיעזש: נו, און וואס דערנאך?

בראנקא: דער אפעקון האט זי נאך'ן טויט פון זיין פרוי צוגענומען פון פענסיאן, און פון דאן אן איז זי געווארען די קע־ניגין פון איהר ווילען, פון איהר אייגענטום, פון איהר בענקשאפט און פיליכט אויך פון איהר אומעט... אט דאס, קאזיו, זעהסטו, וואלט געווען פאר דיר א ווייב.

קאזימיעזש: המ... המ... דו האסט מיר אבער נאך גאר ניט געזאגט וועגען דער ענדערונג, וועלכע איז אין איהר פלוצלינג פארגעקומען.

בראַנקאַ: נו, זעהסט, זעהסט, ס׳אַרא צוטראַגענע איך בין. איך קען אפילו קיין איין געדאנק ניט ארויסזאָגען ביז׳ן סוף. (פערטראכט זיך). אָבער טראַץ אַלע איהרע קאַפּריזען און אויפרע־גונגען איז זי אונגעהויער פרעהליך געווען און האָט איבער אונז אַלעמען געוועלטיגט. אַלץ און אַלעמען האָט זי געקענט אויסלאַ־כען, פיהרען פאר׳ן נאָז. און איצט... קלאָר פערשטעה איך נאָך ניט, נאָר איך פיהל, אז... ווייסט, קאזיו, איך שעהם זיך מודה צו זיין, זי איז מיר עפּעס א פרעמדע... איך בין שוין ניט אזוי פריי מיט איהר, ווי פריהער, איך פיהל עפּעס אן אונבעמערקבארעס געפיהל פון שרעק און... אָה, ווי שעהן זי איז! האָסטו געזעהן, ווי שעהן זי איז? האָסט געזעהן?

קאזימיעזש: איך האָב ביז איצט ניט געקוקט אויף איהר.

בראַנקאַ: מענש איינער, דו ביסט בלינד, צי וואָס? ניין, דו האָסטווירקליך אויפגעהערט צו זיין א מאנסביל.

קאזימיעזש: זאָל זיין, אז דו ביסט גערעכט, אָבער דיין גאסט הויבט מיך אָן צו אינטערעסירען. מיט וואָס ערקלערסטו אזא ענדערונג? איז איהר הארץ צובראָכען? איז זי ענטטוישט אין ליעבע?

בראַנקאַ: זי?.. ניין, — ניין, קאזיו!

קאזימיעזש: ווי קענסטו אזוי זיכער רעדען וועגען דעם?

בראַנקא: ווייל איך קאָן אַלע יונגע לייט, וועלכע האָבען זי ארומגערינגעלט. איך ווייס, זי האָט זיך נאָר פערוויילט מיט זיי, און דער איינציגער מענש, וועלכער האָט זי אינטערעסירט, איז גע־ווען טאדעאוש. זיי האָט אָבער עפּעס אָבגעשטויסען איינער פון צווייטען.

קאזימיעזש: ווי, איז טאדעאוש געווען מיט איהר בעקאָנט?

בראַנקאַ: געוויס, פריהער, איידער ער האָט זיך מיט מיר בעקאָנט.

ק א ז י מ י ע ז ש (שפאסענדיג): נו, און זיי האָבען זיך ניט פערליעבט?

ב ר אָ נ ק אָ (טרעט אָב צוריק ווי בעריהרט פון עפּעס אונאַנגענעהמעס): און דו מיינסט, אז איך וואָלט זי אזוי הייס און אזוי הארציג גערופען צו אונז צו גאסט, ווען ניט די פאָלשטענדיגע זיכערהייט, אז זיי זיינען געוועזען אינגאנצען פרעמדע?

ק א ז י מ י ע ז ש: יא, דאָס איז אמת, אָדער ריכטיגער, געזאָגט, עס האָט געקענט זיין אמת, ווייל אזוי טיעף קאָן איך נאָך ניט דאָס פרויען־הארץ.

ב ר אָ נ ק אָ: איך האָב נאָר מורא, טאדעאוש׳ען זאָל ניט זיין אונאנגענעהם, וואָס איך האָב פּלוצלינג, אונערווארטעט, אָהן זיין וויסען זי איינגעלאדען צו אונז. ער וואָלט אפשר גאָר געוואָלט נאָך זיין צוריק קעהרען זיך אהיים פערברענגען א פּאָר טעג מיט אונז אליין... פאר מיר איז זי טייערער ווי א שוועסטער, איך האָב זי ליעב אָהן א מאס, נאָר פאר טאדעאוש׳ען איז זי א פרעמדע.

עס הערען זיך גלעקלעך פון א שליטען, וועלכער פאָהרט אריין אין הויף.

ב ר אָ נ ק אָ (מיט אַ פרעהליכען אויסגעשריי): טאדעק פאָהרט! טאדעק פאָהרט! אָה, ענדליך! (לויפט ארויס אין הויף לינקס).

ק א ז י מ י ע ז ש (זיצט און קוקט איהר נאָך מיט א טיעפער בענקשאפט, דרעהט אונרוהיג א וואָנס, דערוואַרפט האָלץ אין קאמין, דערנאָך געהט ער אום הין און צוריק איבער׳ן צימער, שטעלט זיך אָב, כאַפּט זיך פאר׳ן קאָפּ און שעפּטשעט שטיל ארויס): אזוי, אזוי — שפּעט — צו שפּעט. (זעצט זיך און רויכערט אַ פּאַפּיראָס, אַן אַפּאַטישער און פערטראכטער. — אין פאָדער־הויז הערט זיך בראָנקא׳ס שטימע: „טאַדעק, מיין טייערסטער טאַדעק!“ קאַזימיעזש גיט אַ שטאַרקען ציטער. עס קלינגט טאַדעאוש׳עס שטימע: „אָה, ווי איך האָב געבענקט נאָך דיר!“ קאַזימיעזש׳עס געזיכט ווערט אויסגעקרימט אין אַ קרענקליכען, אונאַנגענעהמען שמייכעל).

בראנקאָ: גנעה, גנעה, ליעבער מיינער; ווי דו ביסט דער־פראָרען געוואָרען! — גנעה, וואָרים זיך אָן ביים קאמין.

טאדעאוש: מיר איז אָבער גאָר ניט קאַלט, קינד מיינס. (בעגריסט זיך מיט קאַזימיעזש'ן.) נו, ליעבער קאזיו, האָסטו גוט גע־היט דאָס הויז? האָסטו ניט פערדרעהט בראָנקאַ'ן א קאָפּ מיט מעטאפיזיק און קונסט?

קאזימיעזש: עס הויבט זיך ניט אָן. איך האָב פריהער פון אלץ זיך געסטארעט צוצוגרייטען בראָנקאַ'ן צו דער בשורה, אז איך וועל זיך שוין פון אייך מעהר ניט ריהרען.

טאדעאוש: ווי, פיהלסטו זיך דאָ גוט?

בראָנקא: גנעה זשע, טאדזיו, גנעה צום קאמין. דו ביסט דאָך איינגאנצען א פערפראָרענער.

טאדעאוש: א שעהנעם דאנק דיר פאר דיין קאמין, נאָר פון קעלט וואָלט איך מיט פערגעניגען עפּעס גענעסען, וואָרים איך בין זעהר הונגעריג.

בראָנקא: גוט, גוט, אין איין אויגענבליק. (לויפט ארויס)

טאדעאוש (א פרעהליכער און גליקליכער): נו, קאזיו, איך האָב געפונען מיין רוה און גליק. איך האָב קיין מאָל אפילו ניט געוואגט צו טרוימען פון אזא גן־עדן. און איידער איך האָב זיך בעקאנט מיט בראָנקאַ'ן, האָט זיך מיר שוין אָנגעהויבען צו דאכטען אז איך האָב פערלאָרען יעדע פעהיגקייט צום לעבען. דאָס הארץ איז געווען טרוקען, ווי א שפּענדעל, די נשמה אויסגעמאטערט און דער שרעקליכער גהינום פון אונזער פאמיליען־אומעט האָט שוין אָנגעפאנגען מיך צו בעהערשען, ווי א שווערע כמארע.

קאזימיעזש: איך ווייס, איך ווייס, אין וואָס פאר א שרעקליכען האָפנונגסלאָזען צושטאנד דו האָסט זיך יעמאָלט געפו־נען. דיין יעדען בריעף האָב איך געלעזען מיט גרויס אונרוהיגקייט, ווייל איך האָב מורא געהאט פלוצלינג דורכצולעזען: „אדיע, טייערער ברודער, דער אומעט קוועלט מיך ביז צום טויט, און דעריבער טראָג איך זיך אוועק אויפ'ן שוים פון דער אייביגקייט"... אייגענט־ליך, האָב איך זיך ניט געשראָקען, ווייל צו אומעט איז דאָס דאָס

בעסטע מיטעל, אלענפאלס איז אָבער ניט אנגענעהם צו ערהאלטען אזא בריעף פון אן אייגענעם ברודער... (פלוצלונג) : זאָג מיר נאָר, ווי אזוי ביזט דו, וועלכען איך האָב געקאָנט פאר אזא לעבענסלוס־טיגען, ליעבען יונגלינג, דערגאנגגען צו אזא גהינום־צושטאנד ? אויף מיר איז זיך ניטאָ וואָס צו וואונדערען, איך בין פון קינדווייז אָן געווען אן אומגליקליכער מעלאנכאָליקער, אָבער דו, דו ?

ט א ד ע א ו ש : עס וואָלט אויסגעקומען פיעל צו דערצעהלען און אן אומעט וואָלטען אָנגעוועהט אויף דיר די ערצעהלונגען וועגען די ליידען, וועלכע איך האָב איבערגעלעבט. א פערלאָרענער וואָלט איך געווען, ווען איך זאָל ניט טרעפען בראָנקאָ'ן.

ק א ז י מ י ע ז ש (נאָכלעסיג) : איז א פרויענצימער געווען די אורזאך ?

ט א ד ע א ו ש : יאָ און ניין... ווייס איך דען... עפּעס אן אונבעשטימטע בענקשאפט, נאָך ווענען און נאָך וואָס — ווייס איך ניט.

ק א ז י מ י ע ז ש : איז די דאָזיגע פרויענצימער געווען שלעכט, אויסגעלאַסען ?

ט א ד ע א ו ש : ניין, פערקעהרט, זי האָט גאָר פערלאָרען דאָס לוסט צום לעבען, געמוטשעט זיך און אנדערע. איהר האָט בע־הערשט עפּעס אן אונזיניגער דורשט פון פערניכטונג. אה, ווי איך האָב זיך געמוטשעט —

ק א ז י מ י ע ז ש : נו, און וואָס איז שפּעטער געווען ?

ט א ד ע א ו ש : שפּעטער ?.. המ... זי האָט געוואָלט זיין א שקלאפין און געמוזט זיין די הערשערין. און איך האָב זעהר מורא געהאט זי צו פערלירען און בין ניט געווען אים שטאנד צו מאכען זי אונטערטעניג צו זיך. און איך האָב זיך אליין געהאסט, געהאסט זיך און איהר. קיין זאך האָט ניט געהאָלפען.

ק א ז י מ י ע ז ש : נו — און...

ט א ד ע א ו ש : די טרויעריגע געשיכטע האָט זיך געענדיגט.

ק א ז י מ י ע ז ש : און פון דאן אָן האָסטו זי מעהר שוין קיינמאָל ניט געזעהן ?

ט א ד ע א ו ש: דעם לעצטען סימן פון לעבען האָט זי ארויסגעוויזען אין דעם טאָג פון מיין חתונה. איך האָב פון איהר ערהאלטען אזא הארציגען, הייסען, איבערגענעבענעם בריעף, אז איך האָב פערגעסען אלע בעליידיגונגען.

ק א ז י מ י ע ז ש: און אפשר איז דאָס געווען נאָר א שפּיעל פון א שלעכטער פרויענצימער, וועלכע וויל נעהמען ראכע?

ט א ד ע א ו ש: אָה, ניין. זי איז געווען בראָנקא'ס א פריינדין; האָט זי ליידענשאפטליך געליעבט און איז ווירקליך גע־ווען גליקליך, וואָס בראנקאַ האָט חתונה געהאט פאר א מענשען, וועלכען זי אליין, ווי זי האָט געשריבען אין בריעף, איז געווען אים שטאנד אין בעסטען פאל נאָר אונגליקליך צו מאכען.

ק א ז י מ י ע ז ש (נייגעריג): און דערנאָך האסטו זי שוין מעהר ניט געזעהן?

ט א ד ע א ו ש: ניין.

ק א ז י מ י ע ז ש: און דו האָסט קיין מאָל ניט געטראכט וועגען איהר?

ט א ד ע א ו ש: ניין. אין מיין הארץ און מארך איז פאראן אַן אָרט נאָר פאר בראָנקא'ן.

ק א ז י מ י ע ז ש: און ווען דו זאָלסט זי פּלוצלינג דער־זעהן?

ט א ד ע א ו ש (פערטראַכט): ווען איך זאָל זי דערזעהן? ניין... זי וואָלט אויף מיר דעם קלענסטען איינדרוק ניט גע־מאכט. די ליעבע צו איהר האָט שוין לאנג איבערגעבערענט. און אם ענדע, פון וואנען וויים איך, אז דאָס איז געווען ליעבע. פיליייכט איז דאָס געווען אַן אמביציע פון א מענשען, וועלכער האָט קיינמאָל ניט בעגעגענט קיין ווידערשטאנד און איז געוואָרען ווילד צוליעב דעם, וואָס ער האָט ניט געקענט בעזיעגען די פרויענצימער, וועלכע ער האָט געוואָלט בעהערשען. גיעב נאָך צו די בושה פאר זיך אליין, דאָס געפיהל פון אונזיכערהייט און ניט צופריעדענגעשטעלטע פער־לאנגען, און דו וועסט זיך פאָרשטעלען דאָס בילד פון מיין גייסטי־גען צושטאנד אין יענער צייט. (שטעלט זיך אויף, געהט זיך דורך אי־

בער׳ן צימער). ווען איך וואָלט זי דערזעהן... אזוי פּלוצלונג... המ... קען זיין אז דאָרט אויפ׳ן דעק פון מיין נשמה וואָלט עפּעס א צאפּעל געטהאָן.

ק א ז י מ י ע ז ש: דאכט זיך, אז דו ביסט ניט זעהר זיכער אין זיך.

ט א ד ע א ו ש: ווען איך וואָלט בראָנקא׳ן ניט געהאט נע־בען זיך. אָבער זעהסט, איך מיט מיין ענערגישער און שטארקער נאטור האָב זיך געפיהלט ניט גוט אין די קאלטע און טרויעריגע מיטעלאלטער־ווענד, אין וועלכע יענע האָט נור געקענט לעבען. דאָרט איז שוידערליך געווען ביי דער נאכט. דאָרט האָבען גע־וואוינט מכשפות און רוחות. די ענערגיע האָט געשמאָלצען ווי וואקס אויפ׳ן פייער, און די ווילדע מעלאנכאָליע האָט מיר אויס־געזויגט די זאפטען פון די ביינער. קוק, מיין שטערען איז בעשאַ־פען געוואָרען צו באדען זיך אין זונען־שיין און מיינע פויסטען זיינען צוגעפּאסט צום קאמפף, ווען דאָס זאָל נויטיג זיין. (גלייכט זיך אויס, א קרעפטיגער און שטאַרקער, און פלוצלינג מיט אַ פרעהלי־כען געלעכטער פּאטשט ער הויך מיט די הענד): קום זשע, בראָנקא, קום!

ב ר אָ נ ק א (הינטער דער סצענע): באלד, באלד.

ק א ז י מ י ע ז ש: וואו האָסטו זיך בעקאנט מיט בראָנקא׳ן?

ט א ד ע א ו ש: ביי מיין אָנקעל אין וואלד; זי איז גע־פאָהרען רייטענדיג, דער פערד איהרער האָט זיך צופודזשעט, דער־שרעקענדיג זיך פאר עפּעס. איך קוק, איך וואונדער זיך אויף אזא ווילדע יאָגעניש, איך האָב אָבער פערשטאנען, אז די רייטערין איז ניט שולדיג אין דעם, כאָטש זי האָט זיך געהאלטען זעהר געשיקט. ווי מיר איז געלונגען אָבצושטעלען דעם פערד, דאָס וויים איך אליין נים. נאָך דיעזען צופאל בין איך אָבגעלעגען עטליכע וואָכען צום בעט, דערפאר אָבער האָב איך געפונען אין בראָנקא׳ן רוה און גליק.

ק א ז י מ י ע ז ש (מיט אַן איראָנישען שמייכעל): א מערק־ווירדיגער צופאל.

ט א ד ע א ו ש: יאָ, א מערקווירדיגער. אויף אזוי פיעל א

מערקווירדיגער, אז ווען איך פלעג לעזען וועגען עהנליכע צופאלען אין ראָמאנען, — וואָרים פון לאנגווייליגקייט פלעג איך זיי צייטענ־וויז לעזען, — האָב איך בשום אופן זיך ניט געקענט פאָרשטעלען, אז אזעלכע זאכען קענען פאסירען אין דער ווירקליכקייט.

בראָנקא געהט אריין און נאָך איהר דער דיענער מיט א טאַץ פול מיט עסענוווארג און פלעשלעך.

ב ר אָ נ ק א (צודריקענדיג זיך צאַרט צו טאַדעאוש'ן, גלעט איהם מיט דער האַנד איבער'ן געזיכט): ס'ארא אונגעדולדיגער דו ביסט. איך האָב דאָך געוואָלט אליין צוגרייטען פאר דיר.

ט א ד ע א ו ש: צו וואָס אזוי פיעל?

ב ר אָ נ ק א: ביז אָבענד־ברויט איז נאָך וויט, עס, עס.

ט א ד ע א ו ש (גיסט אָן שנאַפּס און טרינקט צו קאַזימיעזש'ן, פערבייסט און רעדט, עסענדיג): נו, און א זאווערוכע איז היינט! קיין שיין ניט צו זעהן, הורבעס שנעע ביז'ן רוקען.

ב ר אָ נ ק א: אָה, ווי איך האָב זיך געשראָקען פאר דיר!

ק א ז י מ י ע ז ש (שפּאַסענדיג): יאָ, פאר איהרע אויגען האָבען זיך געטראָגען די שרעקליכסטע בילדער פון דיין פייניגען זיך אונטער דעם איבערגעקעהרטען שליטען.

ט א ד ע א ו ש (אומאַרמענדיג איהר קאָפּ): אָה, דו, צולאָזען קינד, א שריט טאָר מען דאָך פון דיר ניט אָבטרעטען.

ב ר אָ נ ק א: ווייל איך וויים, אז נעבען מיר קען קיין שלעכטעס מיט דיר ניט טרעפען.

ט א ד ע א ו ש (שפּרינגט פלוצלינג אויף): אָבער א מאָדנע זאך! מיין זכרון איז ערגער ווי ביי א הון. באלד, באלד קום איך. (געהט צו דער טיר).

ב ר אָ נ ק א: וואוהין געהסטו?

באלד, באלד, טייערע... א סיורפּריז (ווערט פערשוואונדען אין פאָדער־הויז).

הינטער דער סצענע הערט זיך טאַדעאוש'עס שטאַרקע שטימע: „פּאַ־וועל, פּאַוועל!“

ב ר אָ נ ק א (פרעהליך ווי א קינד): ער האָט אודאי ווידער

מיר געמאכט עפּעס אַ טייערען סיורפּריז. איך מוז אויף אַן אמת ווערען אויף איהם אין כעס, ווייל איך האָב שוין מעהר, ווי מען דארף, זיידענס, אטלאס און פערשיעדענע טייערע שטאפען, מיט וועלכע ער פערוואָרפט מיך.

ק א ז י מ י ע ז ש: ער ליעבט דיך, און פאר אַ פערליעבטען מאנספערשוין איז דער גרעסטער פערגניגען צו מאכען אזעלכע סיורפּריזען. אָבער הער, בראָנקא, דו האָסט דאָך איהם אויך גע־מאכט אַ סיורפּריז. איך האָב נאָר וואָס געטראכט וועגען דעם, צי וועט איהם זיין אנגענעהם דיעזער סיורפּריז. טאדעאוש איז איצט אזאַ גליקליכער, און דיעזעס גליק איז אין צווייען אייפערזיכטיג און עגאָאיסטיש. איך האָב צייטענווייז מורא, אז אַ י ך שטער אייך, און בפרט נאָך אַ פּרויענצימער, וועלכע איז, ווי דו האָסט געזאָגט, פאר טאדעאוש'ן אַ ווילד־פרעמדע...

ב ר אָ נ ק א (לעבעדיג): ניין, ניין... פערשטעהט זיך, אז ניט. אין דעם איז דאָך בעהאלטען אונזער גאנצע ווייבערשע חכמה. אויב מען וויל איינהאלטען די ליעבע פון אַ מאנספערשוין, דארף מען איהם פון צייט צו צייט דערוויטערען פון זיך, געבען איהם אַ פרייע האנד. איך האָב גוט געטהאָן, גוט. איך מיט יעוואַ'ן וועלען פערברענגען, שפּיעלען, לעזען און ער זאָל ארומקריכען אויף גע־יעג, בעזוכען די שכנים, דינגען זיך מיט אידען וועגען תבואה און אומקעהרען זיך אהיים נאָך מיט אַ גרעסער בענקשאפט.

ק א ז י מ י ע ז ש: איך האָב ניט גערעכענט, דו זאָלסט קע־נען געברויכען אזאַ פיינע טאקטיק.

ב ר אָ נ ק א (לאַכענדיג): גאָר ניט קיין פיינע, נאָר אַ גוט אויסגעפרואווטע פון אונזערע מאמעס און באבעס.

ק א ז י מ י ע ז ש: גוט, גוט, איך האָב נאָר מורא, אז עפּעס זאָל היינט ניט צושטערען טאדעאוש'עס שטימונג. איך ליעב איהם, ווייל איך זעה אין איהם יענע קראפט, יענעם לעבענס־שוואונג און יענעם רוהיגען גלייכגעוויכט פון אַ מענשען, וועלכער איז זיכער אין זיך. און דאָס אלץ האָט ער דאָך ערוואָרבען נעבען דיר.

ב ר אָ נ ק א: פאר טאדעאוש'ן האָסטו ניט וואָס מורא צו

האָבען, דו זאָלסט נאָר ניט ארומגעהן א גאנצען אָבענד מיט אַן אראָבגעלאָזענער נאָז און מיר אליין ניט צושטערען די שטימונג. נו, בעט ענטשולדיגונג, גיעב א קוש אין האנד.

קאַזימיעזש האַלט איהר האַנד. נאָר ער קושט ניט און קוקט איהר אין די אויגען.

ב ר אָ נ ק א : וואָס זאָל עס בעדייטען?

ק א ז י מ י ע ז ש : גאָר נישט. איך ערלויב זיך בלויז דעם לוקסוס צו האלטען דיין גוטע, ליעבע, ווארימע קינדערשע הענטעל. אזא געפיהל איז ביי מיר, ווי ארום הארצען וואָלט עפּעס פאַנאַנ־דערגעשמאָלצען (קושט איהר האַנד. בראָנקא קוקט אויף איהם לאַנג).

ב ר אָ נ ק א : דו, קאזיו, ביסט ווירקליך זעהר א לאנגוויי־ליגער און אומעטיגער.

ק א ז י מ י ע ז ש : אזוי איז שטענדיג, ווען א מענש ווערט ניט געבאָרען אין אזא גליקליכער העמד ווי טאדעאוש.

טאַדעאוש געהט אריין און פערשפּרייט ביי בראָנקא'ס פיס א טיי־ערע זיידענע שאַל.

ט א ד ע א ו ש : מיט דיעזער שאַל האָב איך גענאַרפט אוים־בעטען דעם וועג פון שליטען ביז דעם שוועל פון אונזער הויז, ווען דו ביסט מיט עטליכע מינוטען בעפאָר ארויסגעלאָפען מיר ענטקעג־גען. און אין דער זעלבער צייט האָב איך, אונפערשעהמטער, פער־פאקט דיעזע וואונדערבארע זאך אונטער'ן געזעס און גאָר פערגע־סען אָן איהר.

ב ר אָ נ ק א (ווארפענדיג זיך צו איהם אויף'ן האלז): מיין גאָלד, זיסער דו מיינער, דו אויסבערענגער מיינער!

ק א ז י מ י ע ז ש (קוקט אויף זיי א ווייילע, שטעלט זיך דער־נאך אויף): נו, איך וועל אייך איבערלאָזען מיט אייער גליק. איך וועל דערווייילע אָנשרייבען א פּאָר בריעף. (צו בראָנקא'ן): און צום אָבענד־ברויט, צו דיעזער גרויסער, געהיימניספולער סעודה וועט מען נאָך אודאי דארפען אָנטהאָן א פראק.

ב ר אָ נ ק א : און ווי וואָלסטו געוואגט זיך אנדערש מיר צו ווייזען אויף די אויגען?

---

ק א ז י מ י ע ז ש: אלזאָ, צום ווידערזעהן! (געהט צום ארויסגאנג, שטעלט זיך אָב אַ ווײַלע ביים פענסטער און ברומט): אה, ווען וועט שוין אויפהערען דער שנעע צו פאלען! (קעהרט זיך אום צו טאַדעאוש'ן): עי, טאדעאוש, ס'ארא גליקליכער דו ביסט, וואָס דער שנעע קען ניט פערזינקען דיין נשמה אין טרויער (געהט ארויס).

ב ר אָ נ ק א (קוקענדיג אויף קאַזימיעזש'ן): וואָס פעהלט קאזימיעזש'ן? ער איז עפּעס מאָדנע אומעטיג און פערטראכט.

ט א ד ע א ו ש: פיהלסטו זיך מיט איהם שלעכט? דו האָסט זיך נאָך ניט צוגעוואוינט צו איהם?

ב ר א נ ק אָ: אך, דו ווייסט דאָך, ווי מיר איז גוט. ער מאכט אזא ווירקונג, ווי די גלעטענדע, ניט הייסע הערבסט-זון. ס'איז אביסעל לאנגווייליג מיט איהם, אָבער גוט און שטיל.

ט א ד ע א ו ש: יא, אזוי, אזוי... אונזער פאמיליע געהט אונטער. ער און איך זיינען די לעצטע שוואכע הערבסט-שפּראָצען אויף'ן אלטען, אמאָל אזוי שטארקען בוים פון אונזער פאמיליע.

ב ר א נ ק א: אין קאזימיעזש'ן געהט אונטער אייער פאמי-ליע, יאָ, אָבער ניט אין דיר. אָה, ס'ארא שטארקער, מעכטיגער דו ביסט! ווי עס שפּיעגלען זיך אָב אויף דיין געזיכט גליק און קראפט!

ט א ד ע א ו ש (אומאַרעמט זי, פיהרט זי צום קאמין און זעצט זי אוועק נעבען זיך): דאָס האָט דיין ליעבע מיר געגעבען דיעזע קראפט און שטארקייט.

ב ר אָ נ ק א: און דיינע אויגען ברענען ווי קויהלען, ווי דו וואָלסט וועלען די גאנצע וועלט איינגעהמען. דאָ ווערען זיי וויע-דער אזעלכע זיסע און גוטע. (נעהמט זיין קאָפּ, דריקט צום ברוסט און קושט זיינע אויגען.) ווען איך וואָלט געקענט קושען, — קושען אָהן אויפהער, דערטרינקען זיך אין קושען...

ט א ד ע א ו ש (לעגט זיין קאָפּ אויף איהר ברוסט): דו ביסט מיין איינציג גליק, ווי איך ליעב די הערליכע ליעבע דיינע!

ב ר אָ נ ק א (שפּיעלט זיך מיט זיינע האָר): אָה, ס'ארא פּרעכטיגע ווייכע האָר דו האָסט. ווייסט, עס מאכט אויף מיר דעם

איינדרוק, אז איך בעריהר ניט דיינע האָר, נאָר עפּעס אַן אונענד־ליך־ווייכען צאַרטען פלאַנץ... ווייסט, פאַר'ן הויז פון מיין פאָ־טער איז געווען אַ קוסט מיט אַזא עדעלען צאַרטען גראָז. דו וועסט ניט גלויבען, מיט וואָס פאַר אַ פערגעניגען איך פלעג זיך קייקלען אין איהם. אָט אַזוי קייקלען זיך וואָלט איך אויך וועלען אין דיינע האָר (קושט זיינע האָר).

טאַדעאוש: און גערענקסטו, ווי דער פערד האָט זיך דאַן אונטער דיר צופּודזשעט?

בראָנקאַ: אַ טויט־שרעק האָט מיך ארומגעכאַפּט, איך האָב פערלאָרען דאָס בעוואוסטזיין און אין דערזעלבער צייט האָב איך געפיהלט אַ מאָדנעם פערגעניגען, וואָס מיך טראָגט אַזא שטאַר־קע, אונבעזיעגבארע, שטאָלצע בעשעפעניש.

טאַדעאוש: און גערענקסטו, ווי איך האָב דיך אַזוי אונטערגעכאַפּט און צוגעדריקט צו מיין ברוסט און ארומגעטראָגען איבער'ן צימער? (נעהמט איהר אויף די קניע, זי נעהמט ארום מיט די הענד זיין האלז).

בראָנקאַ: מיינער ביסטו — מיין איינציגער. עס איז, דאכט זיך, פאַראַן אַ מנהג, אַז אַ יונגע מיידעל דאַרף אונטער דער חופּה וויינען, אריינפאַלען אין אַ פערצווייפלונג, אָבער איך האָב ניט געוויינט, — שרייען, שרייען האָב איך געוואָלט פון גליק און ענטציקונג, שרייען פון פרייד, וואָס אין גיכען וועלען מיר זיך אַוועקטראָגען אויף אַ שליטען, איינגעשפּאַנט אין דיינע ווילדע פערד צו דיר, צו דיין הויז...

טאַדעאוש: געדענקסטו יענע יאַנואַר־נאַכט — אַ דער הימעל אַ דער פראָסטיגער שנעע האָבען געשימערט מיט פונקען, און די פערד האָבען זיך געטראָגען, אַזש זיי האָבען זיך אײנגעאַנצען מיט אַ שוים בעדעקט (אומאַרעמט זי אַלץ שטאַרקער).

בראָנקאַ: אָה, דריק מיך צו אַזוי, דריק מיך צו צו זיך, אַזוי ווי דעמאָלט, ווען דו האָסט מיך איינגעאַנצען אונטער דיין פּוּ־טער בעהאַלטען. (רוקט זיך פּלוצלינג אָב פון איהם) אָבער זאָג מיר, פאַר וואָס האָט אין דיינע אויגען אויפגעפלאַקערט אַזא קאַלטער,

שטאָלענער גלאַנץ, ווען מיר זיינען שוין אין דער היים געווען?

ט א ד ע א ו ש: איך האָב געשטעלט א מצבה אויף מיין פערגאַנגענהייט.

ב ר אָ נ ק א: וואָס זשע איז דאָס געווען ביי דיר פאַר א פערגאַנגענהייט?

ט א ד ע א ו ש: וואָס פאַר א פערגאַנגענהייט?.. אה... א רייכע און שרעקליך־טרויעריגע פערגאַנגענהייט... א גאַנצער טהאָל פון ליידען און פיין, א גאַנצער גהינום פון אינערליכען קאַמפף, פון ראַנגלען זיך מיט זיך אליין, פון פאַלען, פון יאוש, פון האַס צו זיך און צו דער גאַנצער וועלט...

ב ר אָ נ ק א: האָסטו ווען עס איז געליעבט?

ט א ד ע א ו ש: צי דען ווייס איך, אז דאָס איז געווען ליע־בע? אפשר האָט זיך מיר געדאַכט, אז איך ליעב. איך וויל ניט בעשאַפען קיין טעאָריעס, וואָס איז אַזוינס ליעבע און וואָס איז אַזוינס ניט־ליעבע, נאָר מיר דאַכט זיך, אז אין יעדער ליעבע דאַרף זיין שטאָלץ, מאַיעסטעטישע זיכערהייט אין זיך און אין דעם, וועמען דו ליעבסט, און אזא זיכערהייט האָב איך דערפיהלט דאָס ער־שטע מאָל נעבען דיר.

ב ר אָ נ ק א (גלעטענדיג איהם): זיי אויפריכטיג, טאַדעק. היינט האָב איך פיעל געהערט מיט קאַזימיעזש'ן וועגען יעוואַ'ן.

ט א ד ע א ו ש (פערוואונדערט, אביסעל טרויעריג): וועגען יעוואַ'ן?

ב ר אָ נ ק א: יאָ, וועגען יעוואַ'ן. וואָס איז מיין הערר אזוי טרויעריג געוואָרען?

ט א ד ע א ו ש: ניין, איך האָב זיך נאָר דערמאָהנט, אז שוין אין די ערשטע וואָכען נאָך אונזער חתונה האָסטו געוואָלט זיך בעריהמען נעגען איהר מיט אונזער גליק; און איך וויל קיין זאַך ניט, נאָר לעבען מיט דיר, מיט דיר אליין. ווייל דאָס גליק אין ליעבע איז זעהר עמפּפינדליך, און איהר קען שטערען יעדע קליי־ניגקייט.

ב ר אָ נ ק א (דערשראָקען): וועלכע קלייניגקייט?

ט א ד ע א ו ש: אָפּטער ווי אַלץ די אַטמאָספּערע פון א פרעמדען מענשען... און דו ווייסט דאָך, אז יעווא האָט זיך זעהר געענדערט... דער שטילער און אומעטיגער קאַזימיעזש — דו האָסט ריכטיג בעמערקט — מאַכט א ווייכען און אנגענעהמען איינ־דרוק, ווי די הערבסט־זון; זי איז אָבער עהנליך צו א וואולקאַן, וועלכער זעהט נאָר אויס ווי אויסגעלאָשען, אָבער פון וועלכען עס קען זיך יעדע מינוט ארויסרייסען א פייער.

ב ר אָ נ ק א: פון וואַנען קאָנסטו זי אַזוי גוט?

ט א ד ע א ו ש: פון וואַנען? דו ווייסט דאָך, אז איך האָב זיך מיט איהר ניט איין מאָל געטראָפען. זי האָט מיך פעראינטע־רעסירט, אזוי ווי קאַזימיעזש'ן האָט פעראינטערעסירט ביז דאָ ניט לאַנג אן אונבעקאַנטעם בילד אָדער א זעלטענעם ווערק, א פלאַנץ אָדער א חיה.

ב ר אָ נ ק א (אומעטיג און דערשראָקען): טאַדזיו! טאַדזיו!

ט א ד ע א ו ש (פערוואונדערט): נו, וואָס מיין קינד, וואָס?

ב ר אָ נ ק א: פערשטעהסט, איך האָב געהערט, אז ליעבע ווערט אָבגעשוואַכט, ווען מענשען זיינען שטענדיג צוזאַמען; כדי ביסלעכווייז צו דערשפּירען די ליעבע און אומצוקעהרען זיך איי־נער צום צווייטען נאָך מיט מעהר לוסט, דאַרפען זיי זיך פון צייט צו צייט צושיידען און לעבען יעדער בעזונדער... איך וויים ניט, וואָס האָט מיר אונטערגעזאָגט דיעזען געדאַנק, אבער איך וואָלט וועלען, אז דו זאָלסט איצט פאָהרען אויף יאַגד, בעזוכען די שכנים... און איך וואָלט ווייטער ניט געקענט איינזיצען איינינקע אליין אגאַנצען טאָג און וואַרטען אויף דיר...

עס רוקען זיך פאנאנדער די שווערע פּאָרטיערען, וועלכע פיהרען אין א זייטיגען צימער, און אין טיר בעוויזט זיך יעווא. זי קוקט, א טויט־בלייכע, מיט אן אויסדרוק פון טיעפען אומעט אויף טאַדעאוש'ן און בראָנקא'ן, וועלכע זיצען אומגעקעהרט צום קאַמין און זעהען זי ניט.

ב ר אָ נ ק א: בין איך גערעכט, טאַדזיו, וואָס? זאָג, איז עס אַזוי?

טאדעאוש: אבער, טייערעס קינד, פון וואנען האָבען זיך ביי דיר גענומען אזעלכע געדאנקען? צי דען קען א מענש נאָך א גאנץ יאָהר פון פערהייראטען לעבען מעהר ליעבען א פרוי, ווי איך ליעב דיך, און נאָך מעהר בענקען נאָך איהר, ווי איך בענק נאָך דיר?

בראָנקא: טאדזיו, דיינע בריעף, דיינע ליעבסטע, טייערע בריעף... און דער לעצטער, אזא וואונדערבאר־שעהנער, איך טראָג איהם נאָך ביז איצט אויפ'ן ברוסט... (נעהמט ארויס דעם בריעף פון אונטער'ן סטאניק און קושט איהם היים).

יעווא: (האָט אויף א רגע זיך פעררוקט אונטער'ן פאָרטיער פון דערבייאיגען צימער, וועלכעס שטעלט פאָר דעם ווינטער־גארטען; זי געהט זיך דורך הין און צוריק מיט א נערוועזער אונרוהיגקייט. פלוצלינג): איך הער שטימען אין צימער. אייערע טעפיכען זיינען צו ווייך, אז איהר זאלט קענען דערהערען מיינע טריט.

טאדעאוש (שפרינגט אויף): וואס איז דאָס, ווער?

יעווא: קען מען אריינגעהן?

בראנקא: טאדעק, וואס איז מיט דיר? (קוקט אויף איהם זעהר אויפמערקזאם און געהט צו דער טיר). קום זשע אריין, יעווא, קום. אָה, ווי טאדעאוש וועט זיך דערפרעהען (רוקט פאנאנ־דער די פאָרטיערען; טאַדעאוש קוקט ווי פון שלאָף, יעווא געהט אריין און אין דער זעלבער צייט לאָזט זיך אראָב דער פאָרהאנג).



# צווייטער אַקט.

דאָס זעלבע צימער. א פארנאכט פון א ווינטערדיגען טאָג. הינטער'ן פענסטער פינקעלט א ווייסע שנעע־דעקע, אין קאַמין ברענט א פייער. די סצענע איז א געוויסע צייט לעער, דערנאָך געהען אריין טאדעאוש און יעווא.

יעווא (לויפט צו צום קאַמין און וואַרימט די הענד): אַך, ווי קאַלט מיר איז, ווי קאַלט מיר איז! און מיר האָט זיך געדוכט, אַז נעבען אייך וועל איך זיך דערוואַרימען.

טאדעאוש: דו וועסט זיך ערגעץ ניט דערוואַרימען.

יעווא: וואָס? איך בין דאָך צוליעב דעם געקומען צופאַהרען, כדי צו דערוואַרימען מיין האַרץ נעבען אייער גליק.

טאדעאוש (איראָניש): כדי צו דערוואַרימען איהם, דאַרף מען איהם פריהער האָבען.

יעווא (פאַנאַנדערגעצויגען): יאַ—אַ—אַ?...

טאדעאוש: יאַ... נאָר לאָמיר דאָס לאָזען. אין פערלויף פון אונזער שפּאַציער (קוקט אויפ'ן זייגער), און ער האָט דאָך געדויערט מעהר ווי דריי שעה, האָבען מיר שוין, דאַכט זיך, גענוג קאָמפּלימענטען אנגערעדט איינעם דעם צווייטען, אפשר וועלען מיר אָנהויבען רעדען וועגען עפּעס אנדערס.

יעווא: הויב דו אָן... נאָר פריהער הייס אנצינדען פייער... דאָ איז פינסטער... דאָס מעלאַנכאָלישע פייערל אין קאַמין... דער גלאַנץ פונ'ם שנעע הינטער'ן פענסטער, דיעזע ווייכע טעפּיכען, פּאָרטיערען... כאַ—כאַ... דאָס איז ניט אונגעפעהרליך — עס וועקט אונרוהיגקייט, שרעק... (קוקט זיך ארום פערטראַכט). האָסטו אַליין איינגעאָרדנעט דיעזע וואוינונג?

**טאדעאוש:** אליין.

**יעווא:** מיט'ן פולען בעוואוסטזיין, וואס דו טהוסט?

**טאדעאוש:** מיט'ן פולען.

**יעווא:** און ווייסטו, אז דיין וואוינונג איז א קאפיע פון מיינער?

**טאדעאוש:** איך וויים.

**יעווא:** צו וואס זשע האָסטו דאָס געטהאָן?

**טאדעאוש:** כדי אויסצופרואווען די כחות, כדי איבער־צייגען זיך, אז איך בין שוין רוהיג, אז איך האָב שוין פערגעסען, דערשטיקט אין זיך דעם קאשמאר.

**יעווא** (שמייכלענדיג): און צוליעב דעם האסטו אויך אויפגעהאנגען אין קאבינעט דאָס בילד, וועלכעס איך האָב אויסגע־מאָהלט און דיר געשענקט?

**טאדעאוש:** דו ביסט געווען ביי מיר אין קאבינעט?

**יעווא:** א גאנצע נאכט בעפאר דיין קומען.

**טאדעאוש:** און וואס האסטו דאָרט געטהאָן?

**יעווא:** וואס איך האָב געטהאָן?... איך בין געווען גליקליך, וואָס דו ליעבסט מיך און בענקסט נאָך מיר.

**טאדעאוש:** דאָס מאָל האָסטו א גרויסען טעות.

**יעווא:** ניין, ניין, איך האָב ניט קיין טעות. דיין קאבינעט איז גיכער עהנליך אויף א טעמפעל, אין וועלכען דו רייסט זיך אָב שעה'ן פון דיין גליק, פון דיין ווארימען ווינקעל, פון בראָנקא'ס קארעלען־ליפען, כדי צו פייניגען דאָרטען דיין הארץ און בענקען נאָך דעם, וואס פערשאפט דיר א זעלטענעם פערגעניגען, כדי צו לעכצען נאָך דעם, וואס צינדט אָן מיט ליידענשאפט דיין בלוט. אָה! לעכצען, בענקען, בענקען...

**טאדעאוש:** נאָך וואס?

**יעווא:** נאָך דעם, וואָס וועקט אין דיר אָהן אויפהער דאָרשט און וועה. דו, וועלכער איז פאר קאמפף בעשאפען — דו האָסט אמאָל געטרוימט צו זיין א פיהרער און אויפבויען א נייע וועלט. אבצושטעלען זיך נאָר צוליעב דעם, כדי צווישען מתים און

חורבות אראַבצונעהמען דעם פּאנציר פון קאָפּ און אבצואווישען דעם שוויים פון דעם ברענענדיגען שטערען... ניט פאר דיר זיינען שטילע ווינקלען, ווייכע טעפּיכען און פרעהליכע קאמינען. דאָס איז גוט פאר דיין ברודער, וועמעס נשמה האָט שוין איבערגעברענט.

ט א ד ע א ו ש (קוקט אויף איהר ערנסט): פריהער פון אליץ זאג מיר, צו וואס ביסטו געקומען צו פאהרען? דו האָסט דאָך ניט וואהרשיינליך קיין פערברעכערישע אינסטינקטען מיט גוואלד צו צושטערען דאָס גליק פון צוויי מענשען און דריין — דאָס גליק פון א מענשען, וועלכען דו האסט שיעור ניט אומגעבראכט דאָס לעבען.

י ע ו ו א (מיט א טרוקענעם געלעכטער): שיעור ניט... א שאָד, כ'לעבען, וואָס איך האָב דיך אזוי גיך ארויסגעלאָזען פון מיינע הענד.

ט א ד ע א ו ש: דו האָסט מיך ניט ארויסגעלאָזען, נאָר איך האָב זיך אליין ארויסגעריסען.

י ע ו ו א (א פערטראכטע קוקט אונבעוועגליך אויפ'ן פייער): יאָ, אמת. איך בעוואונדער דיין קראפט, און ערשט דאן האָב איך דיך ליעב געקראַגען...

ט א ד ע א ו ש (לאכט איראָניש): איך וויים שוין, איך וויים. נאָר ווארט, שלאָג מיר ניט איבער, ענטפער אבער אם ענדע אויף מיין פראגע: צו וואס ביסטו געקומען צו פאהרען?

י ע ו ו א: צי דען ווייסטו ניט, אז בראָנקא האָט מיך שטארק געבעטען? אז זי האָט אפילו צוגעטראכט אן אונשולדיגען ליגען, כדי מיך אראָבצוברענגען אהער: זי האָט מיר געשריבען, אז זי איז קראנק.

ט א ד ע א ו ש: דו האָסט ניט געדארפט קומען צו פאהרען.

י ע ו ו א: פארוואס? דו האָסט דאָך מיך שטענדיג גערופען צו זיך, שטענדיג געבענקט נאָך מיר!

ט א ד ע א ו ש: איך האָב געבענקט! איך האָב דיך גערו־פען! איך האָב דאָך דיך אינגאנצען פערגעסען.

י ע ו ו א (טרויעריג): דו האָסט מיך ניט פערגעסען. דיין

גאנצעם הויז איז דורכגעדרונגען מיט מיר. ווי נאָר איך האָב אריי־בערגעטראָטען דעם שוועל פון דיין הויז, האָב איך דערפיהלט, אז דאָס איז מיין הויז, אז איך געוועלטיג דאָ אונבעגרענעצט, אז נאָר איך אליין פיל דאָ אָן אלץ ארום...

ט א ד ע א ו ש: כא... כא... דו מיינסט דאָס מעבעל. נו, מעג איך דיר זאגען, איך האָב בכיון געסטארעט זיך צו קאָפּירען דיינע צימערען, ווייל, פערשטעהסטו מיך, ווען א שכור, למשל, געוואוינט זיך אָב פון בראנפען און ער וויל זיך ערקונדיגען, צי ער האָט זיך ווירקליך אבגעוואוינט, טרינקט ער אויס, ניט קוקענדיג אויף דעם גאנצען עקעל, פון צייט צו צייט א גלעזעל, צוויי. אויב עס ערוועקט זיך ניט ביי איהם קיין חשק אויסצוטרינקען א גאנצע פלעשעל, איז א סימן, אז ער האָט זיך בעפרייט פון די נעצען פון זיין געוואוינהייט. פערשטעהסט? איך האָב בכיון זיך אזוי איינ־געארדענט, כדי אלץ זאל מיר דערמאָהנען אן דיר...

י ע ו ו א (בייז): און פון דעסטוועגען...

ט א ד ע א ו ש: און פון דעסטוועגען האָב איך קיין מאָל ניט געטראכט וועגען דיר, אפילו אין שלאָף האָסטו זיך מיר ניט גע׳חלום׳ט...

י ע ו ו א (דערוואַרפט האַלץ אין פייער, ווי זי וואָלט ניט גע־הערט, וואָס טאדעאוש רעדט): דו האָסט זיך אנגעליטען, ארימינ־קער. אין דיין נשמה האָט געדארפט פארקומען א שרעקליכע מלחמה. האָבען אלע אנגאבען פאר גליק און זיין רייך, קריגען אלץ לויט דעם ערשטען וואונק און דערצו נאָך פערמעגען א פרוי, וועלכע ליעבט און איז געליעבט... און ליעבסטו זי ווירקליך?... אפשר ביסטו נאָר מיעד געוואָרען פון קאמפף, פון ליידען, פון פיין און איצט אויף איין מינוט האָסטו צווישען מתים און חורבות אראָבגע־נומען דעם פאנציר פון קאָפּ און ווישט אָב דעם שטערן וואס איז בעדעקט מיט שוויים?

ט א ד ע א ו ש (שפּאָטיש): אמאָל פלעגען מיר פערגעניגען פערשאפען דיינע מליצה׳דיגע ווערטער, היינט זאגען זיי שוין מיר גאָר ניט.

**יעווא** (הערט ניט וואָס ער רעדט): דו ביסט נאָר דערפאַר גליקליך, וואָס דו קענסט אָברוהען אין דעם גרינסטען פון די טהאָ־לען, כדי נאָך דעם מיט שטורם בערג איינצונעהמען... (קעהרט זיך ווייטער אום פערטראַכט צום קאַמין). אָה, ווי איך וואָלט דיך דאַן געליעבט.

**טאַדעאוש**: הער, יעווא, דו מוזט פערלאָזען מיין הויז. לאָמיר אויפהערען זיך צו שפּיעלען אין רעטעגישען און ניט דער־זאָגטע ווערטער. דו ווייסט, ווי איך האָב דיך געליעבט. דער שנעע, דער ווייסער, ווייכער שנעע האָט ווי פערוויעגט אין אַ שלאָף אַלע עראינערונגען, דאָס שמערץ, דעם קאַמפּף, די ליידען. און ווען דער שנעע וועט צוגעהן...

**יעווא**: נו, איז וואָס וועט זיין?

**טאַדעאוש**: וועט זיין שלעכט.

**יעווא**: פאַר וועמען?

**טאַדעאוש**: פאַר דיר, פאַר מיר, און פריהער פון אַלץ — פאַר בראָנקאַ'ן.

**יעווא** (רייבט זיך דעם שטערען): פאַר בראַנקאַ'ן, פאַר בראַנקאַ'ן. אַה, איך ליעב זי זעהר... (אין אַ ווײַלע ארום). בראַנקאַ וועט זיין זעהר אונגליקליך...

**טאַדעאוש** (געהט צו און זעצט זיך נעבען איהר): הער זיך צו, אבער הער זיך צו גוט און זעה צו בעגרייפען דאָס, וואָס איך וועל דיר זאָגען. דו האסט אַ טבע צו מאַכען אַ פּנים, אַז דו פערשטעהסט ניט, אבער איצט זיי אַזוי גוט און וואַרף אַוועק דיעזע שעהנע געוואוינהייט, ווייל אַזאַ שפּאַס פּאַסט דאָ ניט צום רומעל.

**יעווא** (גלייכגילטיג): איך הער זיך צו און וועל זעהן צו בעגרייפען.

**טאַדעאוש**: איך וועל דיר אָפען מודה זיין, אַז איך בין פריהער פון אַלץ אויפּעגערעגט און אונרוהיג. איך וועל דיר נאָך מעהר זאָגען, איך האָב אַפילו אָפט געטראַכט וועגען דיר, איך האָב געבענקט אַפילו נאָך דעם שמערץ, וועלכען דו האסט מיר פער־שאַפט. עס קען זיין, אַז איך האָב געבענקט נאָך די ליידען, וועלכע

איך האָב איבערגעלעבט נעבען דיר. אבער איצט לאָז מיר צורוה. איך ליעב בראנקא'ן און מיט בראנקא'ן וועל איך פערבלייבען.

י ע ו ו א: אויב דו וועסט פערבלייבען, וועסטו זי פערמור־טשען. די וואונדען אין דיין הארצען האָבען זיך ווידער געעפענט, דו פליהסט, ווי א שמעטערלינג, אין פייער. פון דעם מאָמענט אן, ווי דו האסט דערהערט מיין שטימע הינטער יענעם פאָרהאנג, איז גלייך צופאלען יענער קארטען־פאלאץ, וועלכען דו האסט אויסגע־בויט מיט אזוי פיעל מיה און ארבייט און אנגערופען דיין גליק (איראָניש). כע—כע... מיך וועסטו ניט נארען. דיר איז דאָ ענג אין דיעזען שטילען ווארימען, ווינקעל. אין דיר רייסט זיך אלץ צו צוברעכען ריגלען, וועלטען איינצונעהמען! דו ביסט דער לעצטער פון יענער גרויסער, הערליכער קאָנקוויסטאדאָרס משפחה פאר וועל־כער עס איז ווייניג אָרט געווען אין דעם פערוואָרפענעם ווינקעל וואס מען רופט אייראָפּא.

ט א ד ע א ו ש (אויפגערעגט): א שעהנעם דאנק דיר פאר יענע נייע וועלטען, וועלכע איך קען זיך ערווערבען דורך דעם, וואָס איך וועל אויס'הרג'ענען עפּעס אן אונשולדיגע, נארישע סטאדע פון באראנען.

י ע ו ו א: ניט דאָס מיין איך. מען דארף פריהער פון אלץ איינגעהמען דעם ים,פאנאנדערגראבען די בערג, מען דארף דורכ־געהן אלע ליידען און אלע פערגניגענס, כדי דיעזע נייע וועלט זאל זיך עפענען פאר די אויגען; און אויב אזא קאָנקוויסטאדאָר וועט צופעליג ארויפטרעטען מיט זיין אייזערנער פוס אויף וועלכער עס איז בלום, טאָ וואָס האָט עס פאר א בעדייטונג. (לאנגזאַם, ווי פויל). וואָס מאכט דאָס אויס, ווען עס וועט ווערען אויסגעהאקט אפילו דער שענסטער וואלד, כדי אָנצוזעטיגען דאָס בליק מיט א נייעם, נאָך ניט אויסגעפּרואווטען וואונדער...

ט א ד ע א ו ש: נו, און וואָס ווייטער? .. וואָס ווייטער? ..

י ע ו ו א: שטילער... שטילער... (לאכט פלוצלינג). כא... כא... ווי עס זידט אין דיר שטענדיג דאָס ווילדע, גלי־הענדע בלוט פון די קאָנקוויסטאדאָרס (קוקט אויף איהם און זעצט

פּאַרט). מען דאַרף פריהער פון אַלץ דעם ים בעזיעגען, פאַנאַנ־דערגראָבען די בערג, מיט איין אייזערנעם טראַט דערשטיקען וועל־כע עס איז בלום...

טאַדעאוש (גרויזאם): דו מיינסט בראָנקאַ'ן?

יעווא (שווייגט, שארט פאנאנדער מיט א קאָטשערע דאָס פייער און ווארפט אונטער פרישע האָלץ).

טאַדעאוש (געהיימניספול): בראָנקאַ'ן?

יעווא (גלייכגילטיג): דו האָסט געטראָפען.

פויזע. טאַדעאוש געהט ארום אויפגערעגט איבער'ן צימער.

טאַדעאוש (געהט אונטער צו איהר): יעווא, איך בעט דיך זעהר, לאָז אונז צו רוה.

יעווא: דו וועסט אָבער קיין רוה שוין מעהר ניט האָבען.

טאַדעאוש: איך ווייס, איך וויים דאָס שוין, דערפאַר וועט אבער אם וויינינגסטענס בראָנקא רוהיג זיין.

יעווא: זעהסט, טאַדעאוש, דו ביסט שוין בלינד געוואָרען צו אַלץ, וואָס רינגעלט דיך ארום. צי דען האָסטו ניט געזעהן, ווי זי האָט דיך פערפאָלגט מיט אַן אונרוהיגען בליק, ווי איהרע דער־שראָקענע אויגען האָבען זיך אבגעשטעלט אויף מיר און אויף דיר, ווי בעאונרוהיגטע שוואַלבען?.. אה, ווי איך ליעב זי... צי דען האָסטו ניט געזעהן, ווי איהר האָט בעהערשט אַן אוננאַטירליכע אויפרעגונג, ווי זי האָט זיך אָפט געווענדעט צו קאַזימיעזש'ן, אקוראט ווי זי וואָלט ביי איהם געוואָלט זוכען הילף?...

פויזע. טאַדעאוש געהט ארום הין און צוריק איבער'ן צימער.

טאַדעאוש: הא... מיינסטו, הייסט עס, אַז איך בין בעשאַפען געוואָרען איינצוגעהמען נייע וועלטען. צו וואָס?

יעווא: כדי צו לעבען שעהן און זיין שעהן.

טאַדעאוש: און אויב איך האָב ניט די פעהיגקייט צו בעהערשען נייע וועלטען?

יעווא: דאַן פאַל אין קאַמפף — אויך דאָס איז שעהן.

טאַדעאוש: און אויב דאָס אַלץ זיינען אומזיסטע ליי־

דען, נאָר אַן אונזיניגע פערניבטונג פון זיך אַליין און פון אַלעס, וואס ארום מיר?

י ע ו ו אַ: אויך דאָס איז שעהן. דער מענש, וועלכער ליידט און רעגט זיך אויף, קוועלט זיך און לעכצעט נאָך עפּעס, איז שעהן, ווען ער זאל אפילו קיינמאָל ניט דערגרייכען דאָס ציעל.

ט אַ ד ע אַ ו ש: און אויב ער שטרעבט נאָר צו שטילקייט, צו רוה, צו אַ שטילען ווינקעל, צו אַ ווארימען קאמין?

י ע ו ו אַ: דאָס איז פאר קאַזימיעזש'ן.

ט אַ ד ע אַ ו ש: און פאר מיר?

י ע ו ו אַ (קוקט אויף איהם לאנג און שמייכעלט): פאַר דיר? — בין איך —, נאָר איך, — איך אַליין.

ט אַ ד ע אַ ו ש (שטעלט זיך אב געגען איהר; מיט אַ פערשטיק־טען קול): פאר וואס, פאר וואס האסטו דאן, ווען איך האָב אַלץ אוועקגעלעגט צו דיינע פיס, ווען צוליעב דיר און דורך דיר האָב איך געקענט איינגעהמען יענע נייע וועלטען, וועגען וועלכע דו רעדסט איצטער, — פאר וואס האָסטו דאן מיך אבגעשטויסען, אבגעשטופט פון זיך?

י ע ו ו אַ: דערפאר, וואס דו האסט ניט געקענט ווערען מיין הערשער.

ט אַ ד ע אַ ו ש: און איצט?

י ע ו ו אַ: איצט ליעב איך דיך, ליעב דערפאר, וואָס דו האָסט געוואָלט מיך פערגעסען, געוואָלט זיך איבערברעכען, ווייל נאָר שטאַרקע קענען זיך איבערברעכען. איך ליעב דיך מיט מיין גאנצער בענקשאפט און איך האָב מורא, אז דו וועסט ניט וועלען זיין מיינער.

ט אַ ד ע אַ ו ש (לאכט נערוועז): מען דארף אנצינדען די לאמפּ. בראנקא קען אין יעדען אויגענבליק זיך אומקעהרען. זי איז גרייט דיינע ליטעראַרישע טרוימען אנצונעהמען פארווירקליכקייטען און מיך חושד צו זיין, אז איך פערברענג מיט דיר זיסע „שטונדען פון צוטרוי“. (צינדט אן די לאָמפּ. פויזע).

י ע ו ו א: (גלייכגילטיג): האסט לאנג אזוי ארומגעוואנ־דערט איבער דער וועלט?

ט א ד ע א ו ש (קוקט אויף איהר מיט פערוואונדערונג, פאלט אבער אריין אין דעם זעלבען טאָן): לאנג, כמעט צוויי יאָהר.

י ע ו ו א: דו ביסט, דאכט זיך, געווען אויך אין אפריקא?

ט א ד ע א ו ש (שפּאָטיש): איך בין געווען, אבער אלץ, וואס האָט דארט געקענט ארויסרופען ביי מיר ענטציקונג, האָט שוין ענטדעקט סטענלי, און איך האָב זיך פערוויילט מיט געיעג אויף טיגערן... דו ביסט גערעכט... כא... כא... כא... איך בין בעשאפען געוואָרען א קאָנקוויסטאדאר. ווען אויף מיינע אויגען האָט א טיגער צוריסען צוויי נעגרען, האָב איך ווירקליך ניט געשפּירט קיין געפיהל פון טריאומפף...

י ע ו ו א (שפּאָטיש): נאָר — ?

ט א ד ע א ו ש: און... אין מיין קאָפּ האָט זיך דורכגעטראָגען א גאנץ איינפאכער געדאנק: איצט וועט קומען מיין רייהע.

י ע ו ו א: און דו האסט ניט געהאט קיין געוועהר מיט זיך?

ט א ד ע א ו ש (מיט דעם זעלבען טאָן): די קוילען זיינען פערנעצט געוואָרען.

י ע ו ו א: און דו האָסט זיך ניט געשראָקען פאר׳ן טויט?

ט א ד ע א ו ש: איך האָב געלעכצט נאָך איהם. עס איז דאָך אזוי הערליך צו ווערען צוריסען פון א מאיעסטעטישער חיה...

י ע ו ו א: עס איז אזוי הערליך... איך הער אָבער, אז בראנקא קומט צוריק. (מען הערט ווי די טיר פונ׳ם פאָדער־צימער עפענט זיך; בראנקא און קאזימיעזש רעדען צווישען זיך הויך).

בראנקא און קאזימיעזש געהען אריין.

ב ר א נ ק א (אין א געהויבענער שטימונג): אה, ווען איהר וואלט וויסען, ס׳ארא וואונדערבארע רייזע דאָס איז געווען. דיעזע פונקען פון פערפראָרענעם שנעע אויפ׳ן אייז, די לבנה, די לבנה... אה, ווי וואונדערבאר דאָס איז. וואָס, קאזיו, דו האָסט דאָך אליין געזאָגט, אז דאָס איז וואונדערבאר. (ווענדט זיך צו יעוואַ׳ן) מארגען מוזטו אונבעדינגט געהן מיט אונז, אלץ איז אזוי ווי בכיון

פאר דיר בעשאפען: דער שנעע, די לבנה און קאזיו, קאזיו. כא... כא.. כא... זעה, קאזיו איז אזא אומעטיגער, און איך האָב נאָך ניט געזעהן קיין מענשען, וועלכער זאל אזוי שעהן זיך גליצען, ווי ער.

ק א ז י מ י ע ז ש: בראנקא טרייבט, ווי אלע מאָל, איבער. עס איז גאר ניט געווען אזוי וואונדערבאר. דער טייך איז אינגאנצען ניט געווען אבגערייניגט, און די ליעבע שוועגערין האָט זיך פער־ווײלט מיט דעם, וואס זי איז געקראָכען אין שנעע איבער די קניע.

ב ר אָ נ ק א (צוטראָגען): אה, ווי ער לייגט, ווי ער לייגט... אָ, שלעכטער דו... (פלוצלינג צו טאדעאוש'ן). טאדזיו, אפשר' ביסטו ניט צופריעדען, וואס איך האָב זיך ערלויבט אזוי לאנג צו בענוצען זיך מיט דער פרייהייט? נאָר פערשטעהסטו, טייערער מיינער, איך האָב געוואוסט, אז דו ביסט מיט מיין יעווא'ן, איך האָב בכיון געוואָלט, אז איהר זאלט פערבלייבען צוזאמען, איך האָב געוואלט, אז דו זאלסט כאטש איין מאָל אין יאָהר אראָבוואר־פען פון זיך דעם דארפישען אויבער־ראק און צוזאמען מיט יעווא'ן פליהען דארט, וואו פאר מיר, ארימער, איז צו הויך (טוליעט זיך צו יעווא'ן). אה, ס'ארא גליקליכע דו ביסט, יעווא, דו ביסט גאר אן אנדערע, איידער מיר אלע. אך, ווי גוט איך געדענק דיך פון דאן, ווען נאָך מיין תנאים בין איך געקומען צופאהרען צו דיר. דו הערסט טאדיו? דאָס צימער איז געווען אקוראט אזוי, ווי דיעזעס צימער, אין וועלכען מיר זיצען איצט... (ווי זי וואָלט זיך אויפ־געכאפט פון שלאָף). יעווא, עפעס מאָדנע, יענעס צימער איז געווען אקוראט אזוי מעבלירט,ווי אונזערעס.

י ע ו ו א: אבער מיט וואס, בראניום, איז דאָס אזוי מאָדנע, דאָס איז מסתמא מעהר ניט ווי א צופעליגע זאך.

ט א ד ע א ו ש (קאלט): וואהרשיינליך האָט דער זעלבער טאפעצירער איינגעארדענט פריילין יעווא'ס וואוינונג און מיינע.

ב ר א נ ק א: המ... וואהרשיינליך. געדענקסטו, יעווא, ווי מיר זיינען געזעסען ביים קאמין? דו האסט געקוקט אויפ'ן פייער, און איך האָב דיר דערצעהלט אהן א סוף, אהן א סוף, איך

וויס שוין אפילו ניט, וואס איך האָב געפּלאַפּעלט. דו ביסט געווען אזאַ גוטע, אזאַ געדולדיגע... (ברעכט אויס פלוצלינג מיט א געלעכטער. טאדעאוש געהט צו נאָהענט צו איהר).

טאדעאוש: וואס איז מיט דיר, טייערעס קינד, וואס ביסטו היינט אזוי נערוועז?

בראַנקאַ: פערשטעהסט, איך וואלט וועלען פליהען, פליהען הויך, ווי א פויגעל, אבער איך שלאָג זיך נאָר אב מיט די פליגעל אַן דער ערד, און איך בענק אזוי, און איך וויל אזוי אויפהויבען זיך הויך, און די פליגעלען זיינען ווי בליי... (צו יעוווא'ן) אה, יעווא, ס'אראַ גליקליכע דו ביסט.

קאַזימיעזש: זעהסטו, צי דען האָב איך דיר ניט געזאגט, אז אזאַ אנגעשטרענגטער ספּארט איז אונגעזונד? איך האָב אזוי פיעל אריינגערעדט, זיך געבעטען, און דו האסט מיר ניט געוואלט פאלגען, און איצט וועסטו מוזען חרטה האָבען אויף דאס גאנצע ראָמאַנטישע גליצען זיך.

בראַנקאַ (פער'עקשנ'ט): אט ניין, דוקא ניין. גענוג וועלען זיין דיעזע נערוועזע אנפאלען, איך בין אַ נארישע, קאַפּריזנע קינד — (ברעכט פלוצלינג אויס מיט א געוויין, לויפט ארויס אין דערבייאיגען צימער. יעווא שפּרינגט אויף, וויל געהן נאָך איהר).

טאַדעאוש: פערבלייבט דאָ, איך אליין וועל זי גיך בערוהיגען (געהט ארויס נאָך בראנקא'ן).

קאַזימיעזש (אונרוהיג): בראנקא מוז זיין קראנק. א גאנצען טאָג איז זי געווען אונרוהיג, עפּעס אזוי אויפגערעגט און צוטראָגען.

יעוווא: איך וואונדער זיך אליין, אזאַ האָב איך זי נאָך קיין מאָל ניט געזעהן.

קאַזימיעזש (פלוצלינג): האָט איהר אבער בעמערקט, אז בראנקא האָט זיך פון נעכטען אָן געענדערט?

יעוווא: מיט א ווייל פריהער האָב איך דאָס זעלבע געזאגט אייער ברודער.

ק א ז י מ י ע ז ש: האָט איהר בעמערקט איהר אונרוהיג־קייט נעכטען ביים אבענד־ברויט און היינט א גאנצען טאָג?

י ע ו ו א: אט דאָס וואונדערט מיך טאקי.

ק א ז י מ י ע ז ש: און איהר שטעלט זיך גאר ניט פאר, ווער קען דאָס זיין די אורזאך פון אזא פלוצליכער ענדערונג?

י ע ו ו א: ניין.

ק א ז י מ י ע ז ש: המ... איהר האָט אָבער געווים בע־מערקט, אז אויך טאדעאוש איז עפּעס ווי א נעכטיגער, פערטראכט און צוטראָגען...

י ע ו ו א: קיין אנדערען האָב איך איהם ניט געקענט.

ק א ז י מ י ע ז ש: אבער איך דערפאר האָב איהם יא גע־קענט אן אנדערען: ער איז געקומען צופאהרען א פרעהליכער, גליקליכער, א פערבענקטער נאָך בראנקא'ן. שוין לאנג האָב איך איהם ניט געזעהן מיט אזוי פיעל קראפט און גלויבען אין זיך און אין זיין גליק.

י ע ו ו א: נו, איז וואס?

ק א ז י מ י ע ז ש (קוקט שנעל אויף איהר): דעריבער פער־שטעה איך ניט אזא פלוצליכע ענדערונג.

י ע ו ו א: דאכט זיך, אז איהר שרייבט מיר צו די שולד פון דיעזער פלוצליכער ענדערונג?

ק א ז י מ י ע ז ש: האָט איהר בעמערקט, אז היינט צו פריהשטאק איז בראנקא געקומען מיט רויטע אויגען? איך וואלט שווערען, אז זי האָט א גאנצע נאכט געוויינט.

י ע ו ו א: מיינט איהר טאקי, אז איך בין די אורזאך פון דעם?

ק א ז י מ י ע ז ש: עס הויבט זיך ניט אָן, מיר איז אפילו אויפ'ן רעיון ניט געקומען חושד צו זיין אייך אין וואָס עס איז... דאָ האנדעלט זיך גאר וועגען עפּעס אנדערש. איך וואלט ניט וועלען, איהר זאלט אפילו איין רגע דענקען, אז איך וויל ביי אייך עפּעס ארויסקריגען. אבער פון נעכטען ביז היינט האָט זיך די לאגע אזוי מאָדנע און אזוי דייטליך געענדערט... איך פיהל אין דער לופט

עפּעס אַ נעבעלהאַפטע רעטעניש, וועלכע מיר וואָלט זיך וועלען טרעפען... איהר פערשטעהט, איך בין אַ נערוועזער מענש, און אַזעלכע מענשען קענען ניט פערטראָגען די פערשטיקטקייט פאַר אַ שטורם.

י ע ו ו אַ: די פערשטיקטקייט פאַר אַ שטורם?

ק אַ ז י מ י ע ז ש: אַזוי, אַזוי איז עס, אַלץ איינס, ווי מיר זאָלען עס ניט רופען. אַלענפאַלס איז אין דער לופט פאַראַן עפּעס אַזעלכעס, וואָס אַזאַ איינדרוקספולע נשמה, ווי בראַנקאַ, פיהלט אינסטינקטיוו... אַה, איהר הערט, ווי זי וויינט?

אין דערבייאיגען צימער זעהט מען, ווי טאַדעאוש דריקט צו בראַנקאַ'ן צו זיך און סטאַרעט זיך זי צו בערוהיגען. אַ שטילע.

ק אַ ז י מ י ע ז ש הערט זיך צו מיט אַלץ אַ גרעסערער אונרו־היגקייט.

י ע ו ו אַ שפּרינגט אויף און געהט אויך אַרום אונרוהיג איבער'ן צימער.

ק אַ ז י מ י ע ז ש (געהט נאָך איהר): איהר הערט?

י ע ו ו אַ: שטילער... שטילער...

ק אַ ז י מ י ע ז ש (נעהמט זי פאַר'ן האַנד, פיהרט זי אונטער צום פענסטער): לאָמיר זיין אויפריכטיג, איך קאָן אייך ניט, אָבער דאָס, וואָס איך האָב געהערט וועגען אייך פון בראַנקאַ'ן און טאַ־דעאוש'ן, איז פאַר מיר גאַנץ גענוג, איך זאָל זיך קענען מאַכען אַ פאָלשטענדיגען בעגריעף וועגען אייער נשמה.

י ע ו ו אַ (גלייכגילטיג): ניט מוטשעט מיך איצט, איך וויים דאָך אַלץ, וואָס איהר ווילט מיר זאָגען.

ק אַ ז י מ י ע ז ש: ניין, איהר ווייסט ניט... איך האָב זיך קיינמאָל ניט אריינגעמישט אין פרעמדע אַנגעלעגענהייטען, אפילו אין אַזעלכע, וואָס האָבען אַ שייכות צו מיינע נאָהענסטע, ליעבסטע פריינד, און בפרט נאָך אַזעלכע פריינד, ווי בראַנקאַ און טאַדע־אוש...

י ע ו ו אַ: לאָמיר זשע רעדען אָפען: איהר ווייסט פון טאַ־דעאוש'ן, אַז צווישען אונז זיינען געוועזן נאָהענטע בעציהונגען.

איך ווייס, אז מיט דריי־פיער יאָהר צוריק פלעגט ער אייך אפט שרייבען בריעף, אין וועלכע ער פלעגט אויסגיסען פאר אייך זיין הארץ. איהר ווייסט, אז ער האָט מיך געליעבט. איהר ווייסט אויך, אז אזא ליעבע קען פערשיטען דער שנעע, כדי נאָר זי צו דערוואַרי־מען און מאכען זי נאָך שטארקער און ליידענשאפטליכער.

ק א ז י מ י ע ז ש: אָט דאָס טאקי האָב איך געוואָלט זא־גען.

י ע ו ו א: בראנקא האָט אייך דערצעהלט, אז איך האָב זי משוגע געליעבט, אז אין פענסיאָן זיינען מיר געוועזן אונצושיידבאר. זי האָט דאָך דאָס אלץ אייך דערצעהלט?

ק א ז י מ י ע ז ש: יא, נעכטען האָט זי לאנג גערעדט וועגען דעם.

י ע ו ו א: איהר זייט אויפריכטיג, וועל איך אויך זיין אויפריכטיג. אין עטליכע יאָהר ארום איז זי געקומען צופאהרען צו מיר, אלס טאדעאוש'ס כלה, א הערליכע, גליקליכע. אה, אזא גליק־ליכע, אז כאטש מיין הארץ האָט זיך געריסען אויף שטיקער, האָב איך שלום געמאכט מיט דעם געדאנק, וואָס זי ווערט א פרוי פון דעם מענשען, וועלכען איך האָב אזוי ליידענשאפטליך געליעבט.

ק א ז י מ י ע ז ש: האָט איהר איהם געליעבט?

י ע ו ו א: יאָ, דאן, ווען איך האָב איהם פערלאָרען ... (קוקען א ווײלע איינע אויף די אנדערע). און איצט ווילט איהר פרעגען, פארוואס בין איך געקומען צושטערען דאָס גליק פון מיין פריינדין, ניט אמת, הא?

ק א ז י מ י ע ז ש: עס קען זיין, אז מיט א ווײלע פריהער איז ביי מיר ענטשטאנען אזא פראגע, אבער עס איז דאָך אן אמת'ער אונזין צו פרעגען אזעלכעס... איך וועל זאגען אפען, קיין איבריגע סימפּאטיע צו אייך פיהל איך ניט. ניין, ניין, ניט דאָס האָב איך געוואָלט זאגען. איך האָב נאָר געוואָלט אייך ער־קלעהרען, אז מיר האָבען זעהר ווייניג געמיינזאמעס, אבער דאָס שטערט מיר ניט צו זיין וואהרהאפטיג... (פלוצלינג). איהר האָט אלע מאָל געבענקט?

י ע ו ו א (האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן שויב פונ׳ם פענסטער, שווייגט).

ק א ז י מ י ע ז ש: איהר האָט אַלעמאָל געשטרעבט צו עפּעס, וועגען וואס איהר האָט געוואוסט, אז מען קען עס ניט דערגרייכען.

י ע ו ו א (קעהרט זיך אום צו איהם און שווייגט).

ק א ז י מ י ע ז ש: אייער גאנצעס לעבען שטרעבט איהר נאָר צו בינדען און שלעפּען נאָך זיך א מענשען, וועלכער וועט אייך בלינד נאָכגעהן מיט א ליידענשאַפט, וואס ווערט קיינמאָל ניט אויסגעלאָשען.

י ע ו ו א יא!

ק א ז י מ י ע ז ש (גיך): און דיעזער מענש איז טאַדעאוש?

י ע ו ו א (מיט קראַפט): יא!

ק א ז י מ י ע ז ש (שנעל): און בראַנקא?

י ע ו ו א: הערט איהר, מיט וואס פאר א גליקליכען געלעכטער זי לאַכט איצט?... ווייסט איהר, וואס וועט איצט זיין?

ק א ז י מ י ע ז ש: נו?

י ע ו ו א: בראנקא וועט אריינגעהן, וועט זיך מיר ארויפווארפען אויפ׳ן האלז און וועט אזוי היים, אזוי היים מיך איבערבעטען, וואס זי האָט געמאכט א סצענע... עס שיינט די לבנה... גיט מיר מיין פוטער... לאָמיר זיך אביסעל דורכגעהן... אפשר וועלען מיר נאָך געפינען א מעהר אויפריכטיגען טאָן פאר אונזערע הארץ־אויסגיסעניסען (קוקט לאַנג אויף קאזימיעזש׳ן). איהר וועט זיך דאָך ניט ענטזאגען פון דעם?

ק א ז י מ י ע ז ש: פון וואס?

י ע ו ו א: איהר ליעבט בראַנקא׳ן?

ק א ז י מ י ע ז ש (קוקט אויף איהר מיט אויפמערקזאמקייט): יאָ.

י ע ו ו א: איהר הערט איהר געלעכטער? אך, דיעזער וואונדערבארער, זילבערנער, קלינגענדיגער געלעכטער.

ק א ז י מ י ע ז ש: נו, לאָמיר שוין געהן, לאָמיר געהן.

עס געהען אריין בראנקא און טאדעאוש, האלטענדיג זיך אונטער די הענד; זיי זעהען אויס פרעהליך און גליקליך.

בראנקא (צו יעווא'ן): טייערע, ליעבע יעווא מיינע. דו קאנסט דאך מיך שוין אזוי לאנג. אלע זיינען געווען צו גוט צו מיר. דו האסט מיך פערדארבען מיט דיין גוטסקייט. טאדעאוש האט פערענדיגט דיעזע פערדארבענהייט מיינע. יעוואניו, דו ווייסט, איך בין א וואהנזיניגע, עס טרעפען ביי מיר אזעלכע מינוטען, ווען איך בין אינגאנצען צומישט.

יעווא: וואס ביסטו אזוי אומעטיג, פאר וואס בעטסטו ביי מיר ענטשולדיגונג? (גלעט זי איבער'ן געזיכט). אך, דו שטיפערין מיינע, ס'ארא נערוועזע און שרעקענדיגע דו ביסט.

בראנקא: א קינד האט מען געקענט מוחל זיין, אויב עס האט ניט געקענט בייקומען זיינע קאפריזען, אבער מיר קען מען ניט מוחל זיין. (נערוועז, גיך און אהן א סדר) זעהסט, צייטענווייז בעפאלען מיך אזעלכע שווערע געדאנקען. ניין, ניט דאס איז עס, ניט דאס. דאס איז אזוי ווי דעמאלט... ניין, דאס איז אייגענטליך ניט קיין פארגעפיהל פון אונגליק... דאס איז נאר א ווייטע, ווייטע עראינערונג וועגען יענע שרעקליכע שטונדען, וועלכע איך האב איבערגעלעבט אין דער קינדהייט, ווען איך האב אומזיסט געזוכט מיין שוועסטער איבער'ן גאנצען הויף... איך האב געוואוסט, אז מיט איהר האט געטראפען עפעס ניט גוטעס. איך האב דאס געפיהלט, געפיהלט. איך האב דורכגעזוכט דעם גאנצען וואלד, איך בין דורכגעלאפען דעם גאנצען ברעג פונ'ם טייך און האב זיך אומגעקעהרט א היים א דערשראקענע, אויסגעמוטשעטע (זי טולעט זיך אלץ אונרוהיגער און שטארקער צו יעווא'ן). יעוואוניו, יעוואוניו! מיר האט זיך געדאכט, אז אימיצער יאגט זיך נאך מיר, כאפט מיך פאר די האר... פאר'ן ווערענדע בין איך אנידערגעפאלען אויפ'ן גראז. דאס געזיכט האב איך איינגעגורעט אין די הענד, אבי נאר ניט קוקען אויף זיך, און זיי זיינען געגאנגען... געגאנגען...

יעווא: ווער?

ב ר אָ נ ק א: די פּויערים, און מיט זיי מיין אַם, און אויף א טראג־בענקעל האָבען זיי געטראגען מיין ליעבע שוועסטער...
אין טייך האָט זי זיך דערטרונקען.

י ע ו ו א (אונגערן): אין טייך?

ב ר אָ נ ק א: יא, יא, אין טייך. (צו טאַדעאוש'ן): היים פערשיטען דיעזען טייך. איך דערמאָהן זיך אלץ אָן דעם שווארצען, טיעפען, בלינדען תהום פון אונזער טייך...

ט א ד ע א ו ש: בערוהיג זיך, בראָנקא, בערוהיג זיך, איך וועל טהאָן אלץ, וואָס דו פערלאנגסט נאָר. ווילסט, וועל איך דאָ אלץ אויסגלייכען מיט דער ערד (פלוצלינג גיעט ער אויפגערעגט אַ קוק אויף יעוואַ'ן; בראָנקא, זייענדיג צוגעטוליעט צו יעוואַ'ן, קען עס ניט בעמערקען). יאָ, אזוי וועל איך עס מאכען, די טייכען וועל איך מיט ערד פערשיטען, די בוימער וועל איך אויסהאקען...

י ע ו ו א: און אפשר וועט איהר הייסען אויף דעם שנעע אראָב קעהרען פון דער ערד? אָך, קינדער, קינדער... איצט איז געקומען די רייהע, אז דער הערר טאדעאוש זאָל זיך ערגערען.

ב ר אָ נ ק א: טאדזיו, מיט וואָס האָב איך דיך היינט אויפ־געדעגט?

ט א ד ע א ו ש: אָבער, טייערע בראָנוס, דו האָסט מיך מיט קיין זאך ניט אויפגערעגט. דו ווייסט דאָך, אז מיר איז אלע מאָל אומעטיג, ווען איך זעה, אז דו קענסט ניט פערגעסען די אלע טרויעריגע עראינערונגען פון דער קינדהייט אויף נעבען מיר.

י ע ו ו א (גלעטענדיג איהר איבער'ן געזיכט): פערגעס, פער־געס. לאָזט מיר א ווייל'ע איבער מיט בראָנקא'ן. זי וועט זיך בערו־היגען מיט מיר.

ק א ז י מ י ע ז ש: איהר זייט גערעכט. קום, טאדעאוש.

ט א ד ע א ו ש: בערוהיג זיך, בערוהיג זיך, בראָנוס.

ב ר אָ נ ק א: אָט זעה, איך בין שוין רוהיג, אָבער איהר מעגט זיך געה'ן, מיר וועט דאָ זיין גוט מיט יעוואַ'ן. נאָר זי אליין האָט מיך אלע מאָל געקענט בערוהיגען.

קאַזימיעזש און טאַדעאוש געהען ארויס.

ק א ז י מ י ע ז ש (קעהרט זיך אום ביי דער טיר): פריילין יעווא, איהר האָט דאָך געוואָלט מיט מיר זיך דורכגעהן איבער׳ן פארק!

י ע ו ו א: אה, שפעטער, שפעטער, ווען בראָנקא וועט שוין אינגאנצען זיין רוהיג.

ב ר אָ נ ק א: אז ניט, לאָמיר גאָר געהן אלע צוזאמען.

י ע ו ו א: ניין, ניין, טייערע, איך וויל ביי אייך זיין א טייערער גאסט, און פאר א יונגע פאָר פאָלק איז א שטערונג, ווען דער גאסט צווינגט זיי, זיי זאָלען זיך מיט איהם אונטערהאלטען (גלעט זי ווייטער). דיך שרעקט די שווארצע טיפענים פון טייך און דאָ איז אזוי ליעבליך, אין דיזען ווינקעל, מיט׳ן מאן צוזאמען.

קאַזימיעזש געהט ארויס שוין ביי די ערשטע ווערטער.

ב ר אָ נ ק א: יעוואניו, בין איך זעהר אן אונערטרעגליכע?

י ע ו ו א (פערטראַכט): ניין, ניין, מיך וואונדערט נאָר דיין אונערווארטעטע אויפרעגונג.

ב ר אָ נ ק א: נעהם ניט אָן קיין זאך פאר שלעכט, עוואניו.

י ע ו ו א: ניין. אפילו דאן...

ב ר אָ נ ק א (אזוי ווי טרעפענדיג איהר געדאַנק): ווען? —

י ע ו ו א: אפילו דאן, ווען די ענדערונג, וועלכע איז ביי דיר פאָרגעקומען... (רייסט איבער). זיי אויפריכטיג, ביי דיר איז עפּעס פאראן אן אונבעשטימטער שרעק... עס קען זיין, אז ס׳איז גאָר ניט קיין שרעק... אָבער איך בעמערק מעהר ניט דעם צוטרוי, וועלכען דו האָסט אלע מאָל געהאט צו מיר.

ב ר אָ נ ק א (אין אַ וויילע ארום): איך וועל דיר אָפען, אלץ אָפען זאָגען... זעהסט, דו האָסט זיך אליין אזוי געענדערט...

י ע ו ו א (שמייכלענדיג): איך האָב זיך געענדערט?

ב ר אָ נ ק א: מיר איז שווער אויסצוגעפינען אין דיר יענע ליעבע יעווא, וועלכע איך האָב געקאָנט מיט א פאָר יאָהר צוריק. צייטענווייז דאכט זיך מיר, אז א גאנצע אייביגקייט איז פאראיבער פון יענער צייט, ווען דו האָסט מיך אזוי הארציג צוגעטוליעט צו

זיך און זיך געטיילט מיט מיין פרייד, וואָס טאדעאוש האָט געהייראט פאר מיר.

יעוואַ (אונגערן): יאָ, עס איז שוין פּאַראיבער א גאנצע אייביגקייט.

בראָנקאַ: אָט זעהסטו, איך קוק אויך אזוי האָפנונגסלאָז, מיט אזא שרעק אויף׳ן אבגרונד פון דיעזער אייביגקייט. זעהסט, זעהסט, דעריבער האָב איך זיך דערמאָהנט אן דעם טיעפען, בלינדען תהום פון טייך. (יעוואַ גלעט איהר איבער די האָר). אפשר האָב איך זיך פערקיהלט, אפשר בין איך ניט ביים פולען פערשטאנד, אָבער אויך די בעריהרונג פון דיינע הענד איז איצט ניט אזא, ווי פריהער. פריהער איז געוועזען אזוי, אקוראט ווי דו וואָלסט מיך וועלען פערברענען מיט דעם אויסדרוק פון דיין ליעבע, — דו ווייסט דאָך, אז עס זיינען פאראן בעריהרונגען, וועלכע ברענען ווי צוגליהטע אייזען, און איצט איז די בעריהרונג אזא פרעמדע, ווייטע... דו ווייסט, ווייסט. אה, ווארט נאר אויף: דאָס איז אזוי, אקוראט ווי דער הערבסט-אומעט וואָלט אראָבגעקעהרט פון די קאשטאנען־אלעען די געלע בלעטער...

יעוואַ: דער אומעט?

בראָנקאַ: יאָ, דער אומעט! אה, ווי מיך שרעקט דיין אומעט! געדענקסט, ווען מיר זיינען געוועזען צוזאמען אין פענסיאָן, האָב איך זיך געשראָקען פאר דיין ליידענשאפטליכע, אייפערזיכטיגע ליעבע, און איצט שרעק איך זיך פאר דיין אומעט. זאָג מיר, יעוואַ, פאר וואָס האָב איך געמוזט זיך שטענדיג שרעקען פאר דיר?

יעוואַ: הער מיך אויס, דו ביסט איצט אויפגערעגט, אָבער איך פערשטעה אלץ אין דיר. בעוואוסטזיניג בעמערק איך ניט ביי זיך קיין שום ענדערונג, אָבער עס קען זיין, אז איך האָב זיך ווירקליך געענדערט... דו ביסט ניט מיינע, אונצושיידבאר מיינע, ווי פריהער... דו ליעבסט דיין מאַן, עס קען זיין, אז אונבעוואוסטזיניג שרעקסט דו זיך פאר עפּעס אונבעשטימטעס... און איך ווייס. (לאַכט פלוצלינג). און אפשר, טייערע, ביסטו אייפערזיכטיג? נו, וואָס? זאָג מיר דעם אמת.

בראָנקאַ: ניין, ניין, איך בין ניט אייפערזיכטיג, אָבער איך שרעק זיך ווירקליך פאר עפּעס...

יעווא: פאר וואָס זשע?

בראָנקאַ: פאר דיין שעהנהייט...

יעווא: וואָס הייסט עס?

בראָנקאַ: וואָס הייסט עס? זעהסטו, עס האָט געקענט זיין אַ שעהנע פרוי, אה, די שעהנסטע פרוי אין דער וועלט, און איך וואָלט קיין מאָל זיך ניט געשראָקען, ווייל איך ווייס, אז טאדעאוּש וואָלט אפילו ניט א קוק געגעבען אויף אזא שעהנהייט. דו ביסט אָבער אנדערש. שעהן... נעבען דיר ערוועקען זיך שטרעבונגען און פערלאנגען, פון וועלכע מען האָט פריהער ניט געוואוסט. דו קענסט צושמידען און שלעפּען נאָך זיך א מענשען, כאָטש דו ווייסט אליין ניט, אז אימיצער געהט דיר נאָך, און ער אליין ווייס אויך ניט, וואוהין עס וועט איהם פערפיהרען דיין כישוף... און ער געהט פון דעסטוועגען בלינד... דיר פּאַראוים... ווייטער... ווייטער...

יעווא: וואוהין זשע?

בראָנקאַ: איך ווייס ניט, איך ווייס ניט. זעהסט, איך פערשטעה דאָס אלץ ניט, איך בין נאָר פעהיג צו פיהלען. עפּעס צורייסט מיין הארץ, צופּט מיין מארך און איך ווייס ניט וואָס איז דאָס אזוינס... (פערטראכט) קאזיו האָט היינט געזאָגט, אז עס איז פאראן א פּינטעל, אין וועלכען עס געהען זיך צונויף אלע געגענזאצען... איך געדענק ניט גוט, ווי ער האָט עס געזאָגט, נאָר אומגעפעהר, אז די אונענדליך־גרויסע ספערע ווערט פערוואנדעלט אין א פלאכהייט, און איך האָב געטראכט, אז די שווארצע טיעפּענעם פונ׳ם טייך קען זיך אזוי פערטיעפען אין דער אונענדליכקייט, אז דאָס וואָס איז געווען אָבגרונד וועט זיך צוזאמענגיסען מיט׳ן הימעל... (פערטראכט). וואוהין? אָדער אין דעם שווארצען תהום פונ׳ם טייך, אָדער אין דער הויך, אין דער הויך, צו די מאיעסטעטישע הימלען...

י ע ו ו א: פון וואנען נעהמען זיך ביי דיר דיעזע געדאנ־קען?

ב ר אָ נ ק א (גיט פלוצלינג אויף איהר אַ קוק און שמייכעלט נאָך דעם אונטער): יאָ, יאָ, יעווא, מיר קענען אין זיך גופא זיך ניט פאנאנדער קלייבען... (פלוצלינג צאַרט). זעה, זעה, איצט ווען פון מיינע פאַרגעפיהלען, פון מיינע שרעקען איז ארויסגעשוואומען עפּעס בעשטימטעס; איצט, ווען איך הויב אָן צו טרעפען, וואָס עס האָט געברויזט אין דער טיעף און ניט געקענט זיך ארויסרייסען אין דרויסען, איצט בין איך דיר דאנקבאר... דו ווערסט מיר ווידער נאָהענט... נאָר מאָדנע... אויך אין מיר הויבט זיך אָן צו ער־וועקען עפּעס א בענקשאפט... און אפשר בין איך צו שוואך צו פיהלען דיעזע בענקשאפט, אויסצוטראָגען איהרע וועהען?

י ע ו ו א: נאָך וואָס קענסטו בענקען? צי דען האָבען זיך שוין ניט פערווירקליכט אלע דיינע פערלאנגען?

ב ר אָ נ ק א: איינער נאָך ניט.

י ע ו ו א: ווייסטו וועלכער? קאָנסטו איהם?

ב ר אָ נ ק א: נאָך ניט, נאָך ניט!

פויזע.

ק א ז י מ י ע ז ש (געהט אַריין, אונרוהיג, צו בראָנקא'ן): נו, וואָס? האָסטו זיך בערוהיגט, מיין ליעבע שוועגערין?

ב ר אָ נ ק א (ווערט פלוצלינג פרעהליך): געה זיך געזונטער־הייט, דו ווילסט מיך ווידער אויפרעגען. גענוג וועלען שוין זיין פאר מיר דיינע פילאָזאָפיעס וועגען די געגענזאצען, וועלכע דארפען זיך צונויפגעהען אין עפּעס א פינטעל.

ק א ז י מ י ע ז ש (שפּאַסענדיג): דו האָסט זיך ניט איינגאנ־צען ריכטיג אויסגעדריקט, נאָר פון דעסטוועגען קענסטו אויף זיך אליין בעאָבאכטען דיעזע ערשיינונג. מיט א מינוט פריהער אָן אור־מעטיגע, קאפריזנע, ביסטו שוין איצט פרעהליך...

ב ר אָ נ ק א: פאר דעם אלענפאלס דארף איך דאנקען ניט דיר. דו מיט דיין לאנגווייליגקייט קענסט נאָר אריינברענגען א מענשען אין פערצווייפלונג.

ק א ז י מ י ע ז ש: ווארט אויף, מארגען וועסטו מיך זעהן נאך א מעהר לאנגווייליגען.

ב ר א נ ק א: א שעהנעם דאנק דיר.

ק א ז י מ י ע ז ש (צו יעווא'ן): נו, אפשר וועט איהר איצט מיט מיר זיך דורכגעהן. טאדעאוש'ן האב איך אויף א ווײלע אוועקגעזעצט ביי אן ארבייט וועגען עפעס א הויף־אנגעלעגענ־הייט, פון וועלכער איך האב קיין מינדעסטען בעגריף ניט.

י ע ו ו א: און דו, בראנקא, פערגעס דיינע פאנטאזיעס, און רוה זיך אויס... (נעהמט ארום בראנקא'ן, לעגט זי אוועק אויף דער סאפע און דעקט איהר צו מיט א שאל).

ב ר א נ ק א: אה, ווי גוט מיר איז, ווי גוט מיר איז!

יעווא און קאזימיעזש געהען ארויס.

ב ר א נ ק א (ליעגט א ווײלע, הויבט זיך אויף פעמעהליך פון דער סאפע, הערט זיך צו אונרוהיג, דערנאך נעהמט זי ארויס פון אונ־טער'ן סטאניק א בריעף, קוקט אויף איהם, קושט איהם, בעדעקט דאס גע־זיכט מיט'ן בריעף און וויינט שטיל): טאדזיו, מיין איינציגער טאדזיו! — —



# דריטער אַקט.

דורך די העל בעלויכטענע פענסטער זעהט מען, ווי בראָנקא און טאַדעאוש געהען דורך דעם גלעזערנעם ווינטער-גאָרטען אין זאַל. אַ פריהמאָרגען. די שטראַהלען פון דער זון רויטלען זיך אויף'ן שנעע הינטער'ן פענסטער. בראָנקא געהט אריין די ערשטע, שפּארט זיך אָן אן א שטוהל.

ב ר אָ נ ק א: ערגעץ ניט קיין רוה. איך קען ערגעץ ניט געפינען קיין רוה, ערגעץ ניט. און איך האָב אזוי געוואָלט זיך צו־דריקען צו דיר און געפינען א בערוהיגונג נעבען דיר... טאדזיו, טאדזיו... וואָס איז מיט אונז געוואָרען?

ט אַ ד ע א ו ש: אָבער טייערעס, ליעבעס קינד... צי דען קענסטו ניט פערשטעהן, אז דו ביסט צורודערט, אויפגערעגט? צי האָסטו שוין פערגעסען, ווי דו האָסט געוויינט, ווען איך בין אויף א וואָך צייט אָבגעפאָהרען פון דיר?

ב ר אָ נ ק א: אה, ניין, ניין. דאָס איז געווען עפּעס אנ־דערש... דאַן איז עס נאָר געווען גלאט א מרה־שחורה פון א נאכ־געגעבענער פרוי, א שרעק פאר דער בענקעניש, וואָס איך וועל דיך ניט זעהן א גאנצע וואָך. בעדענק זיך נאָר, א גאנצע וואָך וועל איך דיך ניט זעהן נעבען זיך.

ט אַ ד ע אַ ו ש: און איצט, וואָס איז איצט? איך בין דאָך נעבען דיר. טאָג און נאכט בין איך נעבען דיר.

ב ר אָ נ ק אַ: און דיין נשמה וואו בלאָנדזשעט ארום?

ט אַ ד ע אַ ו ש: מיין נשמה? (ערנסט) זי איז שטענדיג און אלע מאָל נעבען דיר.

ב ר אָ נ ק א (הייס): נעבען מיר? חזר איבער נאָך אמאָל, אז דיין נשמה איז שטענדיג, שטענדיג נעבען מיר.

ט א ד ע א ו ש (פעסט): שטענדיג! (געהט ארום טיעף פער־טראַכט הין און צוריק איבער'ן צימער, בראָנקא פאָלגט נאָך זיינע בעווע־גונגען).

ב ר אָ נ ק א: שטענדיג, אלע מאָל נעבען מיר?

ט א ד ע א ו ש: איך זאָג דיר אויפריכטיג, איך האָב שוין פריהער ניט איין מאָל געפיהלט אזא שרעקליכע בענקשאפט, וועל־כע האָט מיר מיין מארך און מיין הארץ געצופט...

ב ר אָ נ ק א (רייסט שנעל איבער): א בענקשאפט? אויך דו האָסט געפיהלט א בענקשאפט? נאָך וואָס זשע, נאָך וואָס האָסטו געבענקט?

ט א ד ע א ו ש: בערוהיג זיך, בראָנוס, דו ווייסט זעהר גוט, ווי איך ליעב דיך. איך האָב נאָך קיינעם ניט געקענט בענקען, אויסער...

ב ר אָ נ ק א (מיט א געשריי): אויסער... זאָג זשע!

ט א ד ע א ו ש (גלעט זי): אויסער... דער בענקשאפט אליין.

ב ר אָ נ ק א (שטעלט זיך אויף): וואָס?! — בענקען נאָך בענקשאפט!! וואָס בעדייט עס?

ט א ד ע א ו ש: ניט וואונדער זיך אזוי... לאָמיר זיך בע־סער דורכרעדען רוהיגערהייד... זעץ זיך, בראָניו, טייערע מיינע, זעץ זיך, איך וועל דיר אלץ דערצעהלען... בענקען נאָך בענק־שאפט... המ... המ... אָט, דו זעהסט, ווען איך בין נאָך יונג געווען, האָב איך די ערד געגריזשעט פון בענקשאפט; איך האָב ניט געוואוסט, פאר וואָס זיך צו נעהמען, ווייל איך האָב געוואָלט אויפטהאָן עפּעס גרויסעס, מעכטיגעס, הערליכעס, וואָס קיין איין מענש האָט ביז איצט נאָך ניט אויפגעטהאָן...

ב ר אָ נ ק א: און אפשר האָב איך דיר געשטערט?

ט א ד ע א ו ש: ניין, ניין, בראָנקא, ניין. דאָס איז שוין געווען לאנג, לאנג, מיט יאָהרען צוריק... איך האָב דאן געפיהלט אזא איבערפלוס פון קרעפטען, אז מיר האָט זיך געדאכט, איך בין בכח א גאנצע וועלט צו בעשאפען... חא־חא־חא... איך האָב

געשלונגען אין זיך וויסענשאפט, זיך געגריבעלט אין דעם אייבי־
גען שטויב פון די מענשליכע קענטניסען, איך האב דורכגערייזט
די גאנצע וועלט, כדי צו ערפילען דאס געבאט, וואס איז אויסגע־
קריצט אויף מיין נשמה, כדי אויפצוטהאן עפּעס א גרויסע זאך...

ב ר אָ נ ק א: און איך, נישטיגע פרוי, האב דיר געשטערט אין דעם?

ט א ד ע א ו ש: אה, ניין, טויזענד מאל ניין — דאס איז גאר עפּעס אנדערש. קאזימיעזש און איך זיינען די לעצטע פון אונזער משפּחה... קאזימיעזש האט ניט געפיהלט קיין בענק־שאפט, און אפשר האט ער זי יא געפיהלט... איך וויים קיין זאך ניט וועגען קאזימיעזש'ן... (ווערט ענטשוויגען).

ב ר אָ נ ק א: דערצעהל, דערצעהל ווייטער.

ט א ד ע א ו ש: מעהר האב איך ניט וואס צו דערצעהלען.

ב ר אָ נ ק א: טאדזיו! צי דען האסטו נעבען מיר פערלאָרען דיעזע בענקשאפט?

ט א ד ע א ו ש: זעהסטו — ווי זאל איך דיר ענטפערען אויף דיין פראגע? איך (פערהיקעט זיך) האב פלוצלינג דערפיהלט אזא מאכטלאָזיגקייט אין זיך, בין אזוי מיד געוואָרען, פערצווייפעלט — און האב געשפירט אזא אונענדליך־גרויסען דארשט נאָך רוה, נאָך פריעדען...

ב ר אָ נ ק א: בין איך אויף אזא'ן אופן מעהר ניט געוועזן ווי א שטומע קישען אונטער דיין אויסגעמוטשעטען קאָפּ?

ט א ד ע א ו ש (אומעטיג): פאר וואָס, בראָנקא, ווארפסטו זיך אזוי ארויף אויף מיר?

ב ר אָ נ ק א: איך ווארף זיך אויף דיר ניט ארויף, אָבער מיר לאָזט אלץ ניט רוהען דער געדאנק, אז איך בין ביז איצט פאר דיר נאָר געוועזן א שפּיעל־צייג, א פריינדין, מיט וועלכער עס איז אזוי אנגענעהם געוועזן צו פּלאפּלען אין דיעזען טייפעלשען, פער־שאלטענעם ווינקעל ביים קאָמין...

ט א ד ע א ו ש: בערוהיג זיך, בראָנקא, בערוהיג זיך. פאר וואָס קענסטו ניט רוהיג אויסהערען, וואָס איך דערצעהל דיר. איך

האָב דיר נאָר געוואָלט זאָגען, אז נעבען דיר האָב איך געפונען רוה און גליק, אז נעבען דיר האָב איך פערגעסען צו בענקען, ווייל דו האָסט געוואוסט ווי איינצושטילען מיין יעדע בענקשאפט.

ב ר אָ נ ק א (קוקט אויף איהם לאַנג און כאַפּט איהם פאר דער האַנד): און פארוואָס האָסטו אָנגעהויבען צו בענקען נאָך דיין בענקשאפט?

ט א ד ע א ו ש (מיט אַ שטילען שמייכעל): פאר וואָס בענקסטו איצט נאָך דעם, נאָך וואָס דו האָסט קיין מאָל ניט גע־בענקט?

ב ר אָ נ ק א (פערטראַכט): אמת — (אין אַ ווייַלע ארום). דו האָסט מיך נאָר וואָס געפרעגט, פאר וואָס בין איך אומעטיג און צורודערט איצט, ווען דו האָסט זיך שוין אומגעקעהרט אהיים אזא פרעהליכער, גליקליכער, אזא שרעקליך פערבענקטער... נאָך דיין יעווא׳ן!

ט א ד ע א ו ש (איבעררַאשט): יעוואַן׳ן?

ב ר אָ נ ק א (ניט בעהערשענדיג זיך): יעווא׳ן! יעווא׳ן! יא, יעווא׳ן! דו מיינסט, איך האָב ניט געזעהן, ווי דו האָסט א ציטער געטהאָן, ווי דו ביסט איבעררַאשט געוואָרען, ווען זי האָט זיך בעוויזען דאָרט אויף׳ן שוועל פון אונזער הויז? דו מיינסט, אז איך עקזיסטיר נאָר, כדי צו זיין דיינע אַ שפּיעל־צייג, א קישען אונטער דיין אויסגעמוטשעטען קאָפּ, און כדי גאָר ניט צו פיהלען, גאָר ניט צו פיהלען יענע שרעקליכע בענקשאפט, וועלכע רייסט דיך אָב פון מיר!? (כאַפּט איהם, אָבער פּלוצלינג לאָזט זי זיך אראָב אַן אָהנמעכטיגע און קוקט אויף איהם מיט פערוואונדערונג, כמעט מיט אַן אונזיניגען בליק). טאדזיו, ענטשולדיג מיר, איך האָב, דאכט זיך, דיר פאָרגעוואָרפען דיין בענקשאפט... ווייס, דאָס זיינען ניט קיין פערדיענטע פארוואורפען, ווייל מיין בענקשאפט שטייגט ווייט אריבער דיינע...

ט א ד ע א ו ש (געהיימניספּול): בראָנקא, נאָך וועמען בענקסטו?

ב ר א נ ק אָ (מיט אַ שטאַרקען אויסברוך) : נאָך יעווא'ן, נאָך יעווא'ן, נאָך יעווא'ן!

ט א ד ע א ו ש (געהיימניספול) : האָט זי דיך אויך אָנגע־שטעקט?

ב ר אָ נ ק א (שוואַך) : יאָ, מיך אויך...

קאַזימיעזש געהט אַריין, קוקט פערוואונדערט.

ק א ז י מ י ע ז ש : וואָס, איהר זייט שוין אויפגעשטאַנען? וואָס עפּעס אזוי פריה?

ט א ד ע א ו ש (שטרענגט זיך אן צו האלטען זיך פריי) : אייגענטליך האָב איך דיך געוואָלט פרעגען : דו ביסט שוין אויפ־געשטאַנען? וואָס עפּעס אזוי פריה?

ק א ז י מ י ע ז ש : המ... איך האָב געלעזען אַ גאַנצע נאַכט, דערנאָך האָב איך געוואָלט כאַפּען אביסעל פרישע לופט, בין איך ארויסגעגאַנגען זיך דורכשפּאַצירען. אומקעהרענדיג זיך פון פּאַרק, זעה איך, אין די פענסטער פון זאַל איז ליכטיג, בין איך אריינגעגאַנגען א קוק טהאָן, וואָס האָט דאָ אַזעלכעס געשעהן, און איצט וועל איך געהן שלאָפען.

ב ר אָ נ ק א : עס האָט גאָר נישט ניט געשעהן, גאָר נישט. וואָס האָט געדאַרפט געשעהן? נאָר אייערע דרשות וועגען ציע־לען פונ'ם לעבען, וועגען אָבטיילען זיך פון זיך אליין, וועגען זוכען עפּעס, וואָס מען קען ניט געפינען און וואָס עקזיסטירט אפשר גאָר ניט, דאָס אַלץ האָט געריבעט מיין שלאָף און מיך אזוי צורודערט, אז איך האָב טאַדעאוש'ן אַן אויג ניט געלאָזען צומאַכען.

ט א ד ע א ו ש (צאַרט) : און אפשר וועסטו איצט, בראָנוס, זיך לעגען שלאָפען? (קושט איהר אין האנד). געה, געה, בראָנוס, לעג זיך; איך וועל זיך אויך לעגען.

ב ר אָ נ ק א (לעבעדיג) : ניין, ניין... און דו, קאַזיו, פער־בלייב אויך, פערבלייב. אונז איז אזוי גוט מיט דיר...

ק א ז י מ י ע ז ש (מיט אַ געצוואונגענעם געלעכטער) : הערסט, טאַדעאוש? אצונד, ווען דו ביסט דאָ, איז בראָנקא'ן מיט מיר גוט, איצט בין איך דאָ א שירם, דאָ ווידער א בעקוועם שטיק

מעבעל, וואָס רוקט זיך בעשיידען אליין אָב, ווייס, ווען אריינצו־
געהן, ווען ארויסצוגעהן...

בראָנקא: טויגעניכץ, דו.

קאזימיעזש (צו טאַדעאוש'ן): און ווען דו ביסט ניט
געוועזן, האָט זי געזאָגט, אז איך בין אן אונערטרעגליכער, אז איך
האָב אריינגעבראכט אין דיין הויז די אטמאָספערע פון לאנגווייליג־
קייט און מיעדקייט. זי איז אלע ווײלע געלאָפען וועקען פריילין
יעווא...

בראָנקא (פלוצלינג מיט אַ געמאַכטער פערוואונדערונג):
ווייסט, טאדעאוש, דאָס איז עפּעס אן אונפערשטענדליכע זאך. פאר
די גאנצע צייט, וואָס דו ביסט דאָ ניט געוועזן, האָט יעווא געליטען
פון אן אונפערשטענדליכע שלעפריגקייט, א גאנצען טאָג פלעגט זי
שלאָפען...

טאדעאוש (אויפגערעגט): זי פלעגט שלאָפען?.. א
גאנצען טאָג פלעגט זי שלאָפען? המ... (שטעלט זיך אויף און געהט
ארום הין און צוריק איבער'ן צימער). יא, הער, קאזיו, דיין עניין
דאָרט מיט'ן הויף איז ווירקליך שרעקליך פערפּלאָנטערט. איך קלער
אלץ און קלער, אָדער עס פעהלען וועלכע עס איז פּאַפּירען, אָדער די
חשבונות זיינען ניט ריכטיג (פרעהליך). הער, בראָנקא, טהו זיך
אָן, היים צוגרייטען פריהשטיק, זאָג, אז מען זאָל איינשפּאנען די
פערד אין שליטען, און נאָך דעם — היידא איבער פעלדער, איבער
וועלדער...

בראנקא: יא, יא... איבער פעלדער, איבער וועלדער
— אך, ווי שעהן דאָס איז, ווי הערליך. (בינדט פאנאנדער מיט שנע־
לער בעוועגונג די האָר), און אין דיעזען וויכער, אין דיעזען געלאַף
וועלען מיינע האָר, זעה, אזוי, אָט אזוי! (צוואווארפט איהרע האָר,
פלעכט זיי שנעל צונויף, שפּרינגט אויף.) און אזוי אטעמען מיט'ן
גאנצען ברוסט, שלינגען אין זיך דעם בלויען רוים, וואָס ליעגט
אויסגעשפּרייט פאר אונז. (אטעמט אָב טיעף און שטרעקט אויס די
הענד... פלוצלינג מיט אַ כיטרען שמייכעל צו טאַדעאוש'ן): זעה
נאָר, ווי קאזימיעזש איז פערוואונדערט, ער האָט געמיינט, אז איך

בין גאָר ניט אים שטאנד צו בענקען נאָך וויבער און שטורם, צו רייסען זיך אין בלויען רוים...

ק א ז י מ י ע ז ש: פערקעהרט, איך וואונדער זיך גאָר ניט, איך בין נאָר מקנא די מענשען, וועלכע קענען נאָך בענקען נאָך עפּעס.

ב ר אָ נ ק א: הערסט, טאדזיו! אך, ס'ארא נאאיווער ער איז, ער איז מקנא די מענשען, וועלכע בענקען. אָבער געה, טאַדזיו, ענדיג אָב מיט יענעם עסק, ער וועט דאָך מסתמא קיין פיעל צייט ניט פערנעהמען.

ט א ד ע א ו ש: אזש פיעל — א האלבע שעה.

ב ר אָ נ ק א (קינסטליך): און איך וועל דערווייל לערנען קאזיו'ן ווי צו בענקען.

ט א ד ע א ו ש: א גוטער גערדאנק, א גוטער גערדאנק. (געהט ארויס).

ב ר אָ נ ק א (געהט אונטער צו די פּאָרטיערען, הינטער וועלכע עס איז פערשוואונדען טאַדעאוש, קוקט אריין, דערנאָך קעהרט זי זיך אום צו קאזימיערזש'ן און כאַפּט איהם פאר די הענד): דו ווייסט, וואוהין ער איז איצט אוועקגעגאנגען?

ק א ז י מ י ע ז ש: איך וויים.

ב ר אָ נ ק א: דו ווייסט? דו קענסט עס ניט וויסען. דו מיינסט, אז ער איז אוועקגעגאנגען צו זיינע געשעפטען?

ק א ז י מ י ע ז ש: איך וויים, אז ניט.

ב ר אָ נ ק א (מיט קראפט): ער איז אוועק צו יעווא'ן, צו יעווא'ן, צו יעווא'ן!

א פּויזע.

ב ר אָ נ ק א: דאָס דאַרף אזוי זיין?

ק א ז י מ י ע ז ש: אזוי איז שוין דעם מענשען'ס מזל, ווי דעם מענשען פערכאַפּט אזא שרעקליכע בענקשאַפט, וועלכע צווינגט איהם צו לויפען פון זיך אליין, פון אלץ ארום, וועט שוין קיין שום גליק, קיין שום פערגעניגען ניט אָנפילען זיין נשמה, ניט זיין אים שטאנד צו בעזיעגען דיעזע אינערליכע אונרוהיגקייט, איינצוהאלטען

דיעזען ווילדען אויסברוך, וועלכער טרייבט, טרייבט און טרייבט דעם מענשען בלינדערהייד איבער טויטע קערפער, איבער קרבנות פון זיין אייגענעם פערברעכען, פון זיך אליין, פאראויס...

ב ר אַ נ ק א (דערשראָקען): איז דאָס שטארקער פון א שטורם, וועלכער רייסט אוים מיט די ווארצלען אייביגע דעמבעס?

ק א ז י מ י ע ז ש: שטארקער.

ב ר אַ נ ק א: און אונבעזיעגבארער?

ק א ז י מ י ע ז ש: יאָ.

ב ר אַ נ ק א (געהיימניספול): אָבער אויך שטארקער פון יעוואַ׳ן, אמת, הא?

ק א ז י מ י ע ז ש (שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ): ליידער ניט.

ב ר אַ נ ק א (שפרינגט אויף): ניט, זאָגסטו, ניט (מיט פערצווייפלונג). זאָג זשע מיר, פאר וואָס ניט? פאר וואָס ניט?

ק א ז י מ י ע ז ש: ווייל יעווא איז דיעזע בענקשאפט. ער בענקט ניט נאָך איהר; עס קען זיין, ער זעהט איהר גאָר ניט, ווייס קיין זאך ניט וועגען איהר; אָבער, פערשטעהסט, עס קומט אויס, ווי זי וואָלט זיך געפינען אין איהם גופא, ווי זי וואָלט איהם גע־פאָלגט, ווי זי וואָלט איהם געטריבען אין עפּעס א ווילדע יאָגעניש...

ב ר אַ נ ק א: נאָך וואָס? זאָג מיר, נאָך וואָס?

ק א ז י מ י ע ז ש: דאָס ווייס קיינער ניט, האָט קיינער ניט געוואוסט, קיינער ניט פערשטאנען און קיינער וועט קיין מאָל ניט פערשטעהן. (פויזע).

ב ר אַ נ ק א: וואָס זאָל איך, אונגליקליכע, טהאָן? אה, איך בענק אויך, איך בענק אויך, אָבער נאָך זיין נשמה. גאט מיי־נער, ס׳אדא בלינדע איך בין געווען, ווי פערבלענדעט איז געוואָרען מיין נשמה פון דיעזער ליידענשאפט. ערשט איצט האָב איך פער־שטאנען, אז ער האָט קיינמאָל צו מיר ניט געהערט.

ק א ז י מ י ע ז ש (טרויעריג): הער, בראַנקא, איך האָב פאר די אויגען פון דיין נשמה ניט געוואָלט מאכען דיעזע אָפּעראַ־ציע. איך האָב גוט געוואוסט און געזעהן, אז ער איז קיין מאָל ניט געווען דיינער, און דעריבער בין איך געווען אזוי אומעטיג. דעם

טיעפען טרויער האָב איך פערדעקט מיט דער מאַסקע פון לאַנגווייליגקייט און גלייכגילטיגקייט. דאָס האָט זיך מיר, פערשטעהסט זיך, ניט אלע מאָל איינגעגעבען, אָבער איך האָב געדענקט, אז די וואָלקענס וועלען פערשווינדען...

בראָנקא: פאר וואָס האָסטו דאָס מיר ניט געזאָגט? פאר וואָס האָסטו דאָס מיר גלייך ניט געזאָגט? איך וואָלט נאָך געהאט צייט צו קומען צו זיך, און אזוי איז דאָס פּלוצלינג אראָבגעפאלען, ווי א דונער. מיין נשמה איז ווי א וועריבע, וועלכע א בליץ האָט צובראָכען אויף טויזענד שטיקער ביז די סאַמע ווארצלען, און דיזע ווארצלען זיינען שוין ארויסגעריסען פון דער ערד. פאר וואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט? פאר וואָס האָסטו מיר די אויגען ניט געעפענט?

קאזימיעזש: הער מיך רוהיג אויס, בראָנקא, וועסטו גלייך פערשטעהן פאר וואָס.

בראָנקא: קאזיו, ס'ארא מאָדנער דו ביסט, וואָס איז מיט דיר געוואָרען?

קאזימיעזש: וואָס איז מיט מיר געוואָרען? האָסטו ערשט איצט דערזעהן, וואָס דו האָסט שוין געדארפט וויסען מיט א וואָך צוריק?

בראָנקא (קוקט אויף איהם אונדרייסט מיט דערשראָקענע אויגען).

קאזימיעזש: ניט שרעק זיך, בראָנקא. וואָס צו שרעקען זיך איז דאָ ניטאָ... איך וויל דיר זאָגען פשוט און אויפריכטיג. ניט מיט אמאָל, אין פערלויף פון לאַנגע וואָכען האָב איך דיך ליעב געקראָגען, בראָנקא, מיט מיין ערשטער ליעבע, ווייל איך האָב, בראָנקא, ביז איצט נאָך קיין מאָל ניט געליעבט. מיין נשמה איז געווען קאַלט, ווייס און ריין, ווי יענער שנעע דאָרט אין פעלד. פאר וואָס האָב איך דיך ליעב געקראָגען? פאר וואָס איז מיין ליעבע פון שעה צו שעה אלץ טיעפער געוואָרען און האָט זיך אלץ שטארקער, שטארקער פאנאנדער־געוואַקסען? — דאָס האָסטו אפשר פערשטאַנען פון אלץ, וואָס איך האָב דיר דערצעהלט וועגען זיך...

נאָר אין גרונד איז דאָס אלץ איינס... (קוקט אויף איהר מיט אַ שטילען שמייכעל) שרעק זיך ניט. דו וואָלסט זיך געקענט שרעקען און ארויסלויפען פונ'ם צימער נאָר דאן, ווען איך וואָלט געהאַפּט אויף דיין געגענזייטיגער ליעבע; אָבער אויף איהר האָף איך ניט און איך וויל זי ניט. ווען איך וואָלט געוואוסט, אז דו ליעבסט מיך געגענזייטיג, וואָלט איך אפילו אויף איין מינוט זיך ניט פערטראכט אָבצואווארפען דיין ליעבע מיט פעראכטונג. ניט דערפאר, וואָס דו ביסט מיינע א שוועגעריו, נאָר דערפאר, וואָס דיין נשמה איז שוין געקומען אין בעריהרונג מיט א צווייטער, פּי־לייכט שטארקערער פון מיינער...

ב ר אָ נ ק א: שטילער, קאזיו, איך פערשטעה דיך ניט.

ק א ז י מ י ע ז ש (אַ מיעדער): דאָס וועט גאָר ניט שאדען, איך קען טראכטען וועגען דיר טאָג און נאכט, איך קען דיך ליעבען און צערטלען, און איך קען ניט טראכטען וועגען דעם, אז דו ביסט די פרוי פון מיין ברודער. אָבער שוין צוליעב דעם אליין, וואָס דו ביסט די ווירטין פון מיינע אורעלטערן'ס הויז און די פרוי פון מיין ברודער, וועלכען איך ליעב, אזוי ווי דיך, קען מיר אפילו אויף'ן רעיון ניט קומען כאָטש א רגע דיך צו בעליידיגען.

ב ר אָ נ ק א (געהט אונטער צו איהם און גלעט שטיל זיינע האָר): ניט רעד וועגען דעם, ניט רעד.

ק א ז י מ י ע ז ש: פערשטעהט זיך, איך וועל מעהר מיט דיר ניט רעדען וועגען מיין ליעבע. צי פערשטעהסטו אָבער די בענקשאפט פון א מענשען, וועלכער האָט נאָר געלעבט אינ'ם שמוץ און קייט פונ'ם לעבען, אין דער גאנצער בלאָטע, וואָס רופט זיך ליכט און לעבען? איך האָב געוואָלט כאפּען דאָס בלאָנדזשענ־דיגע פייערעל, וואָס טראָגט זיך איבער דיעזען זומפּ און דיעזער לוזשע פונ'ם לעבען, איך האָב געוואָלט דערפיהלען דאָס פערגעני־ניגען, ווען איך וועל ארויסזאָגען דאָס וואָרט „איך ליעב."

אַ פּויזע. האַלטען זיך ביידע פאר די הענד און זיצען צוזאמען. אַ לאַנגע פּויזע.

ק א ז י מ י ע ז ש: איך בין גליקליך, וואָס איך האָב גע־

מאכט אזא שעהנעם חשבון מיט מיין גאנצען לעבען... איך האָב נאָר איין זאָרג, איין שרעקליכען וועהטאָג: ווי וועסטו דאָס אריבערטראָגען?

ב ר אָ נ ק א (מיט שרעק): וואָס וועל איך אריבערטראָגען? וואָס?

ק א ז י מ י ע ז ש: הער, בראָנקא, מיט פערגעניגען האָב איך בעאָבאכטעט, ווי אין די לעצטע טעג איז ביי דיר אויסגעוואקסען און האָט זיך פערפעסטיגט דער מענש; ווי דו האָסט מלחמה געהאלטען מיט זיך אליין, ווי דו האָסט בעגריפען מיט אזא שרעקליכער מיה אלץ, וואָס האָט גערדרעמעלט אויפ'ן דעק פון דיין נשמה. איך האָב זיך שוין געפרעהט, ניט ווי א מענש, וועלכער ליעבט, נאָר ווי א קינסטלער, ווען דו האָסט בעשאפען נייע ווערטער פאר אלץ, וואָס דיין נשמה האָט געבאָרען אין דיעזע וועהען... בראָנקא, זיי שטארק און שעהן, שליידער אָב פון זיך דעם האמער, וועלכער דארף דיר דעם קאָפּ צערשמעטערען...

ב ר אָ נ ק א (אויפגערעגט): וואָס קען מיר דעם קאָפּ צערשמעטערען?

ק א ז י מ י ע ז ש (פעסט): טאָדעאוש איז דיינער ניט געוועזען און וועט ניט זיין. זיין נשמה וועט אוועקפליהען, און אויב דו ווילסט נעבען זיך האָבען א בר־מנן, טאָ האָב.

ב ר אָ נ ק א: דו ליעגסט.

ק א ז י מ י ע ז ש: ווען איך וואָלט ניט פעראכטעט דיין געגענזייטיגע ליעבע, וואָלט איך פיליכט אנגעווענדעט אזעלכע נישטיגע מיטלען; ווען איך וואָלט דיך ניט געליעבט, ווען איך וואָלט ניט געהאט דאָס בלוט, וואָס פליעסט אין מיר, וואָלט איך אפשר זיך געפרעהט, וואָס איך קען פערוואונדען דיין הארץ. איך האָב דאָס דיר ניט געזאָגט, כאָטש איך האָב וועגען אלץ געוואוסט, און איצט, ווען קיין זאך לאָזט זיך שוין ניט ענדערען, וואָלט איך וועלען פערשטיינערען דיין נשמה...

ב ר אָ נ ק א (קוקט מיט אַ בלאָנדזשענדיגען בליק אויף קאַזי־

מיעזש׳ן) : נו, גוט! איך וועל איצט זיין שטארק, וועל זיין שעהן. און דו, דו וועסט מיר העלפען?

ק א ז י מ י ע ז ש : אין וואָס קען איך דיר העלפען?

ב ר אָ נ ק א (מיט אַ פערשטיקטען געשריי) : איך וועל זי ער־מאָרדען, ערמאָרדען, ערמאָרדען! און דו וועסט מיר העלפען.

ק א ז י מ י ע ז ש : איך — ניט.

ב ר אָ נ ק א (לאַכט פעראַכטענדיג) : און דו, דו האָסט געזאָגט, אז דו ליעבסט מיך? און דו, פון וועמעס ווערטער איך האָב פערשטאנען, אז דו ביסט אלץ אים שטאנד צו טהאָן פאר מיר, אז דיר איז ניט שווער צו ברענגען פאר מיר יעדען קרבן, דו טרעטסט אָב איצט צוריק?

ק א ז י מ י ע ז ש : איך טרעט גאָר ניט אָב צוריק, איך פערשטעה נאָר ניט, צו וואָס זאָל איך זיך בעטייליגען אין אזא צוועקלאָזען און אונזיניגען פערברעכען, וועלכען עס קען נאָר דיקטירען די תאוה פון א „זי“, אָבער ניט די אמת׳ע קראפט און שעהנהייט פון א פרוי.

ב ר אָ נ ק א (אַלץ שנעלער) : מענש איינער, וואָס רעדסטו? צי דען האָסטו ניט קיין בלוט און קיין הארץ? זאָג, ווי אזוי ליעבסטו? מיט וואָס ליעבסטו? דיעזע ליעבע דיינע איז מעהר ניט, ווי א צערטלען זיך מיט דעם קלאנג פון שעהנע ווערטער און מעהר ניט, ווי א פערגעניגען צו בעשאפען זיך שלאף־פאנטאזיעס און אויפצובויען לופט־שלעסער —

ק א ז י מ י ע ז ש (קוקט אויף איהר לאַנג) : דאָס רעדט אין דיר דיין וועהטאָג, נאָר אין גרונד ביסטו גערעכט, איך בין ניט פעהיג, און אפשר צו שטארק פאר אייער בלוטדארשטיגער ליעבע, פאר איהר בלוטדארשטיגער וואוילטהעטיגקייט און איהרע בלוטדארשטיגע פערברעכענס. (שטעלט זיך אויף און געהט לאנגזאם צו דער טיר. בראָנקא קוקט איהם נאָך, דערנאך לויפט זי צו איהם אונטער, כאַפּט איהם פאר דער האַנד און שלעפּט איהם צוריק אין צימער).

ב ר אָ נ ק א : ניט געה אוועק, ניט געה אוועק, מיין איינציגער ברודער. זעהסט, איך בין שוין געקומען צו זיך. דו, דו אליין

האָסט אנגעריהרט מיין נשמה. זעהסט, קאזיו, איך האָב אויך א נשמה, אמת, א צוקאלעטשעטע, אָבער דאָך א גענוג שטארקע, כדי צו בעגרייפען די גאנצע שעהנהייט און גוטסקייט פון דיינע ווערטער, כדי איינצוהאלטען אין זיך כאָטש א טייל פון דיין אומעט, פון דיין בענקשאפט. זאָג אָפען, קאזיו, דו בענקסט אויך?

ק א ז י מ י ע ז ש: איצט ניט, איצט ניט. א דאנק דיר איז אָבגעשטאָרבען אין מיר מיין בענקשאפט.

ב ר אָ נ ק א (חזר'ט איבער אונזיניג): א דאנק מיר, א דאנק מיר... א דאנק מיר... (ווערט פלוצלינג פרעהליך). קאזיו, האָסטו מיר ווירקליך געזאָגט, אז דו ליעבסט מיך?

ק א ז י מ י ע ז ש (פערטראכט): איך האָב געזאָגט.

ב ר א נ ק אָ: און האָסט אויך געזאָגט, אז דו וואָלסט מיך פערנאכטען, ווען איך וואָלט דיר געענטפערט מיט געגענזייטיגער ליעבע?

ק א ז י מ י ע ז ש: איך האָב געזאָגט.

ב ר אָ נ ק א: און האָסט אויך געזאָגט, אז דו ביסט צו שטאָלץ, צו ריין אום דו זאָלסט כאָטש מיט'ן ווייטסטען געדאנק קענען בעליידיגען די ווירטין פון דיינע אורעלטערן'ס הויז און די פרוי פון דיין ברודער?

ק א ז י מ י ע ז ש: איך האָב געזאָגט — און דאָס איז דער גאנצער אינהאלט פון מיין נשמה.

ב ר אָ נ ק א (כאַפּט איהם פלוצלינג פאר די הענד): אך, ברודער מיינער (אומארעמט פלוצלינג זיין האלז, דריקט צו זיין קאָפּ צו איהר ברוסט, דערנאָך בויגט זי זיך אן אויף קאַזימיעזש'עס אַקסלען, אַ האַלב שלעפריגע). מיין נשמה האט זיך אזוי אויסגעמוטשעט, איך בין אזוי שלעפריג, אָט אזוי וואָלט איך וועלען, דו זאָלסט מיך פערוויגען, פערוויעגען אָהן א סוף אין אזא שטילען, אייביגען שלאָף, ווייל דו ביסט אזא אונענדליך, אונענדליך - גוטער... (שפרינגט פלוצלינג אויף). קאזיו, דו ווייסט, וואָס איך בין אזוינס?

ק א ז י מ י ע ז ש: איך ווייס.

ב ר אָ נ ק א: נו, זאָג זשע מיר, זאָג, וואָס בין איך אזוינס?

ק א ז י מ י ע ז ש: אַ ווייסער, קלאָרער שנעע, וועלכער וועט אַראָבפאַלען אויף דער פערפראָרענער פלאַסטע ערד, וועט דערוואַרימען, צוטולען דיעזען בר־מנן, ביז וואַנען ער וועט ניט אויפלעבען, ניט אָנהויבען צו ערוואַכען און אַרויסלאָזען פון דעם שוין וואַרימען שויס, פון די, דאַכט זיך, פערפראָרענע קערען נייע, פרישע שפּראָצען...

ב ר אָ נ ק א (פערטראַכט): און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דיעזער אין דער ערד פערזייהטער קערען איז שוין לאַנג פערפראָרען געוואָרען.

ק א ז י מ י ע ז ש: פערפראָרען געוואָרען אין פראָסט, צו־פוילט געוואָרען אין בלאָטע...

ב ר אָ נ ק א: דער קערען וואַקסט איבער, און דער שנעע צושמעלצט... דו ביסט גערעכט — איך בין אַ שנעע (שפּרינגט פּלוצלינג אויף) פאַר וואָס שלאָפט יעווא ניט? דו הערסט?

קאַזימיעזש הערט זיך צו.

ב ר אָ נ ק א: דו הערסט? זי געהט איצט איבער די טרעפ אונטען... אין אַ ווייל׳ע אַרום וועט זי זיין דאָ (פּלוצלינג מאַכט זי זיך קינסטליך פרעהליך). אַך, קאַזיו, ס׳אַרא אַ מאָדנע פרעהליכע און גליקליכע איך בין. (נעהמט איהם אָן פאַר די אַקסלען, סטאַרעט זיך איהם איינצובויגען דאַ אין איין זייט און דאָ אין דער צווייטער). אַ לו־לו, אַ לו־לו, פּיטשינקער מיינער, אַ לו־לו... שלאָף זשע איין, אונרוהיגעס קינדעלע (אין דער טיר ווייזט זיך יעוואַ און קוקט אויף דיעזער סצענע).

ב ר אָ נ ק א (קוקט אויף איהר): אַ לו־לו, פּיטשינקער מיי־נער. נו, דו ווילסט ניט שלאָפען, טאָ זאָג אַם וועניגסטענס פריילין יעווא: גוט מאָרגען!

ק א ז י מ י ע ז ש (מיט אַ געמאַכטער פרעהליכקייט): גוט מאָרגען, פריילין.

ב ר א נ ק א (בעגריסט זיך מיט יעוואַ׳ן): בעטראַכט נאָר, יעווא, ווי פריה מיר זיינען היינט אויפגעשטאַנען. מיר דאַכט זיך, אַז היינט איז דער געבורטס־טאָג פון קריסטוס׳ן... ביי אונז

איז געווען א מנהג צו דערמאָהנען די קינדער דיעזען טאָג מיט ריטער, דעריבער פלעגען מיר אזוי פריה זיך אראָבכאפּען פון די בעטען.

י ע ו ו א: אָבער האָב גאָט אין הארצען, דאָס קומט דאָך פאָר אין דעם גרויסען פרייטאָג, אָדער אין דעם גרויסען שבת.

ב ר אָ נ ק א: ע, דאָס איז אלץ איינס... אָט גיעב נאָר א קוק אויף מ י י ן גרויסען, פריינדליכען, גוטען בער. אך, דיעזער ליעבער קאזימיעזשעניו...

ק א ז י מ י ע ז ש: בראָנקא איז היינט אין א זעלטענער שטימונג.

ב ר אָ נ ק א: דו ביסט גערעכט... מיר דאכט זיך, איך בין נאָך א יונג קינד און איך קלעטער אויף די העכסטע שפּיצען פון די טאָפּאָלען איבער יענעם פערשאָלטענעם שווארצען טייך...

י ע ו ו א: שוין ווייטער דער שווארצער טייך?

ב ר אָ נ ק א (מאַכט מיט דער האַנד): ע, — אלץ איינס. טייך, ניט טייך, א גאַל־מעסער אָדער פּעטלע, אונטער די רעדער פון באהן, אָדער ווי די וועלט פיהרט זיך — אין דעם אייגענעם בע־טעל... טויט איז טויט. אלץ איינס ווי און ווען... (רייסט פלוצלינג איבער). קוק נאָר, יעווא, דיעזער טייערער קאזימיעזשוניו זעהט אויס, ווי א טאָפּאָל, בעדעקט מיט סוקעס; אך, ניין, ווי יע־נער גרויסער פעטער מיינער, אויף וועמעס פּלייצעס איך פלעג אזוי אָפט ארומקלעטערען, ווי א וועוויאָרקע.

י ע ו ו א: וואָס ביסטו היינט אזוי פרעהליך?

ב ר אָ נ ק א (כאַפּט זי פאר דער האַנד, פריינדליך): זעהסט, יעווא, ביי מיר טרעפען זיך אָפט אזעלכע נארישע דאגות, נארישע בענקעניִשען, מיט וועלכע איך פער'סם זיך דאָס לעבען און אנדערע, אָבער דאָס געהט אלץ פאָראיבער, און דעמאָלט בין איך אין צווייען פרעהליך... (עטוואס מיעד), אָבער קוק נאָר, דיעזער קאזימיעזש טויג אויף גאָר נישט. אך, קאזיו, ס'ארא לאנגווייליגער דו ביסט, ס'אבא לאנגווייליגער... יעווא, ווייסט וואָס, ווען מיר וואָלטען איצט צוזאמען ארויסגעלאָפען אין גאָרטען, דער שנעע איז ביז די

קניע טיעף... אך, ס'ארא פערגעניגען צו קריכען אין דיעזען שנעע, פאנאנדערצושניידען איהם מיט'ן ברוסט און מיט די פיס, אבי עס זאָל וואָס גיכער ארויסוואקסען די טויטע, און איצט שוין דערווארימ־טע ווינטער־תבואה...

י ע ו ו א (מאַכט זיך, אז זי בעמערקט ניט, נאכזיכטיג): בראַנ־קא מאכט זיך ווידער משוגע. איצט אין שנעע, אין מאָרגען־קלייד, אין פאנטאָפעל?

ב ר א נ ק א: נו, איז וואָס איז דאָרט? איך בין פערשטייי־נערט. ביסט דאָך שוין אָנגעטהאָן... קום, טייערע יעוואאוס, דו ביסט אזא קאלטע, דו פרירסט אזוי, און איך וועל דיך אין שנעע אזוי דערווארימען. מיט גאנצע הויפענס שנעע וועל איך רייבען דיין געזיכט, איך וועל מיט שנעע וואשען דיינע האָר, אך, ווען דו וואָלסט ווייסען, ווי דער שנעע קען האלזען, גלעטען, דערווארימען די פערפראָ־רענע הענד און דאָס אָבגעקיהלטע הארץ...

י ע ו ו א: ניין, בראַנקא, (די גאנצע צייט מיט דעם זעלבען גע־הוימניספולען שמייכעל) איך דארף ניט קיין שנעע, מיר איז גוט מיט מיינע פערפראָרענע הענד און אָבגעקיהלטען הארצען. מיין נשמה האָט נאָך קיין שנעע ניט גענדארפט פערדעקען, כדי זי צו דער־ווארימען.

ב ר אַ נ ק א (קוקט אויף איהר לאנג): ניין? ווירקליך ניין? נו, קום דו, קאזיו, וועלען מיר צוזאמען לויפען אין שנעע, און דו וועסט זיך לאָזען קולען אין שנעע? אזא וואונדערבארען גולם וועל איך פון דיר מאכען (אילוסטרירט מיט די הענד). דאָ וועל איך אריינ־שטעלען צוויי קויהלען, וועסטו האָבען אויגען; דאָ וועל איך דיר צוקלעפען א שטיקעל בלאָטע, וועסטו האָבען א נאָז, און דאָ וועל איך מאכען אזוי און דו וועסט האָבען ליפען. אזא לולקע וועל איך דיר אין די ליפען אריינשטעלען... אך, יעוואוס, יעוואוס, פאר וואָס ווילסטו מיט אונז ניט געהן? נו, קום זשע, קאזיו, קום (שלעפט קאַ־זימיעזש'ן נאָך זיך). יעווא, טאדעאוש וועט באלד אהער קומען (לויפט ארויס אין פאדער־צימער צוזאמען מיט קאַזימיעזש'ן).

בראנקא׳ס שטימע (פון פאדער־צימער): טאדע־אוש! טאדעאוש! יעווא איז אליין, גרייט אונז צו פריהשטיק!

יעווא אליין — געהט אונטער צום פענסטער, קוקט א ווײלע, קלאַ־פענדיג מיט די פינגער אן שויב, א קאלטע און בייזע געהט זי צו צום קאמין, שארט פאנאנדער מיט א קאטשערע די קויהלען, דערנאך זעצט זי זיך אוועק אונבעוועגליך און קוקט אין פייער.

טאדעאוש (געהט אריין, בעטראכט דאס צימער, געהט צו צו יעווא׳ן, נעהמט א שטוהל און זעצט זיך נעבען איהר): זאגען דיר, גוט מארגען?

יעווא שווייגט.

טאדעאוש: קען מען דיך פרעגען, ווער האט מיך גערו־פען?

יעווא (הויבט אויף שלעפריג דעם קאפ): בראנקא האט דיך גערופען. זי איז אוועקגעלאפען אין מארגען־קלייד און אין פאנטאַ־פעל שפּיעלען זיך מיט קאזימיעזש׳ן אין שנעע... זי האט געזאגט, אז עס איז אנגענעהם צו קריכען אין שנעע ביז די קניע, פאנאנדער־צושניידען מיט דער אייגענער ברוסט די פאליעס שנעע... האסטו ניט מורא, אז זי זאל זיך פערקיהלען?

טאדעאוש (ווי אין שלאף): מיר איז אלץ איינס.

יעווא: ביסטו ניט אייפערזיכטיג צו קאזימיעזש׳ן?

טאדעאוש קוקט אויף איהר אבער ענטפערט גאר ניט.

יעווא: וואו ביסטו איצט געווען?

טאדעאוש: אליין מיט זיך.

יעווא: נעבען מיר? מיט מיר?

טאדעאוש (צארנדיג): ניין, איך זאג דאך דיר: אליין מיט זיך.

יעווא (גלעט איהם איבער די הענד): פאר וואס ביסטו אזוי אין כעס, דערפאר וואס דו מוזט שוין איין מאל פאר אלע מאל פער־בלייבען מיט מיר און אייביג זיין מיט מיר?

טאדעאוש: זיין מיט דיר? נעבען דיר? דער טויט איז מיר טויזענד מאל ליעבער.

י ע ו ו א (פערטראכט): ווען איך בין אריינגעגאנגען אין דיין הויז — אך, ניין, ניט וועגען דעם האָב איך געוואָלט רע־דען. יא, דיעזע מינוט... דאָס איז געווען נאָר איין מינוט... דאַן, ווען דו ביסט צוריק געקומען, און איך בין געשטאַנען אָט אין יענעם צימער, האָב איך ניט געהערט, וואָס איהר האָט גערעדט צווי־שען זיך, אָבער איך האָב געפיהלט, אז איהר זייט גליקליך. איך האָב געקווענקעלט א ווײלע, איידער איך בין אריינגעטראָטען אין דעם קדשי קדשים פון אייער גליק און רוה.

ט א ד ע א ו ש (ווי ערוואכענדיג פון שלאָף): וואו איז בראָנקא?

י ע ו ו א: בראָנקא איז אוועק אליין און מיט איהר גוטען ווילען פאנאנדערצושניידען דעם שנעע, כדי די ווינטער־תבואה, וועל־כע איז פערזייהט אין דעם פערפראָרענעם באָדען פון דיין נשמה, זאָל זיך קענען גיכער אריינוואקסען.

ט א ד ע א ו ש (קווענקעלט, קוקט אויף איהר, קוקט אין פייער, און פרעגט דערנאך פלוצלינג): וואָס זשע ווילסטו?

י ע ו ו א (פעסט): וואָס? דו ווייסט נאָך ניט, וואָס?

ט א ד ע א ו ש: דאָס וועט קיין מאָל ניט זיין! (ווילד). גיכער וועל איך דיר דעם קאָפּ אראָבדרעהען, גיכער וועל איך דיך, ווי א וואָרים צוטרעטען, איך וועל זיך אליין פון בענקשאפט נאָך דיר, פערפלוכטער שטן, דעם קאָפּ צערשמעטערען, איידער איך וועל דער־לאָזען, אז דאָס זאָל געשעהן.

י ע ו ו א (קוקט מיט ענטציקונג אויף איהם): ווי הערליך דו ביסט, וואָס דו ליעבסט מיך מיט אזא שרעקליכער קראפט.

ט א ד ע א ו ש (כאפּט איהר פאר די הענד): איך האס דיך!

י ע ו ו א: איך ווייס עס און צוליעב דעם טאקי ליעב איך נאָך מעהר דיין ליעבע.

ט א ד ע א ו ש: איך ענטזאג זיך ניט פון מיין ליעבע, איך ענטזאג זיך ניט פון דער שרעקליכער, שרעקליכער בענקשאפט נאָך דיר, אָבער איך וועל דיר קיין מאָל ניט ברענגען דיעזען קרבן, און דאָס, שווער איך דיר, וועט קיין מאָל, קיין מאָל ניט געשעהן.

**יעווא:** עס מוז געשעהן.

**טאדעאוש** (ערשטוינט, מיט א פערשטיקטען געשריי): איך זאג דיר נאָך אמאָל, קיין מאָל ניט, קיין מאָל ניט.

**יעווא** (אונבעוועגליך, מיט ברייט־פאנאנדערגעעפענטע אויגען): נאָך היינט וועט עס געשעהן.

אין פאָדער־צימער הערט זיך א גערויש פון צוויי זיך קריעגענדע שטימען.

**טאדעאוש:** וואָס זאָל עס בעדייטען? (קלינגט).

אין אַ ווײַלע ארום געהט אריין דער דיענער.

**טאדעאוש:** וואָס איז דאָס פאר א גערויש און זידלע־ריי?

**דיענער:** דאָס איז, הערר, געקומען א פרויענצימער און וויל זיך אונבעדינגט זעהן מיט דער מאדאם.

**טאדעאוש:** פאר וואָס האָסטו ניט געהייסען אריינלאָזען זי אין קיך, אז זי זאָל דאָרט אויפווארטען?

**דיענער:** איך האָב איהר געזאָגט, אָבער זי וויל ניט געהן אין קיך; זי זאָגט, אז זי האָט אויף די מאדאם דאָס זעלבע רעכט, וואָס אן אייגענע מוטער.

**טאדעאוש** (רייבט זיך דעם שטערן): לאָז זי אריין.

דער דיענער געהט ארויס. — פויזע.

עס געהט אריין א פרעמדע פרויענצימער, קוקט זיך אומעטיג ארום, און דערנאָך רעדט זי רוהיג אָהן א שום סימן פון פערווירונג.

**מאקרינא:** מען האָט מיך ניט געוואָלט אריינלאָזען אהער, מען האָט מיר געהייסען אריינגעהן אין קיך און אויסווארטען, אָבער איך האָב דאָס רעכט אריינצוגעהן דורך יענע טירען, דורך וועלכע עס געהען אריין צו אייך אין הויז אלע פריצים און פריצ־טעס, און אפילו די גרעסטע מאָנארכען פון דער וועלט.

**טאדעאוש** (געהט צו אַ פערוואונדערטער צו איהר): וואָס בעדייט עס?

**יעווא** (אומגעקעהרט מיט'ן רוקען צו טאָדעאוש'ן און מאקרי־נא'ן ברעכט אוים פלוצלינג מיט אַ געלעכטער).

ט א ד ע א ו ש (גיט הערענדיג יעווא׳ס געלעכטער, כאפט פאר דער האנד מאקרינא׳ן מיט אלץ א גרעסערען שרעק): זאגט זשע גיכער, וואס בעדייט עס?

מ א ק ר י נ א (ווייזט אן מיט׳ן פינגער אויף יעווא׳ן און רעדט זעהר רוהיג און ערנסט): איך קאן דיעזע פריילין און זי קאן מיך אויך גוט. (יעווא הערט אויף צו לאכען, קוקט זיך פלוצים ארום, און זייערע בליקען בעגעגענען זיך). דער הערר וועט מיר ערלויבען זיך צוצוזעצען דא אין ווינקעל און אויפווארטען, ביז וואנען עס וועט קו־מען צו געהן מיין מאדאם, אייער פרוי — דאס טייערסטע קינד מיינס, וועלכעס איך האב אויסגעהאדעוועט און ערצויגען. (זעצט זיך אין א ווינקעל, ביי דער טיר, טאדעאוש געהט צו צו יעווא׳ן, אבער יע־ווא, וויעדער אומגעקעהרט צום קאמין, בעמערקט איהם ניט. פלוצלינג לויפט אריין בראנקא, אין גאנצען א פערשנעעטע, ווארפט זיך אויף טאדע־אוש׳ן און אומארעמט איהם מיט׳ן גאנצען כח).

ב ר א נ ק א: דערווארים מיך, טאדזיו. אין פייער לעג מיך אריין, איך ציטער מיט׳ן גאנצען קערפער. טאדזיו, דערווארים מיך.

ט א ד ע א ו ש (בעפרייט זיך פון איהרע ארעמס): דיין אם איז געקומען צו געהן.

ב ר א נ ק א (שפרינגט אב פון טאדעאוש׳ן, קוקט זיך ארום, דער־זעהט פלוצלינג די פרויענצימער, וועלכע האט זיך אויפגעהויבען פון איהר ארט, ווארפט זיך צו איהר): דו, דו, מיין איינציגע! דו, מאמע מיינע טייערע! אך, ווי גוט, וואס דו ביסט געקומען! אה, ווי גוט, וואס דו ביסט דא!



## פ י ע ר ט ע ר  א ק ט.

---

א ווינטערדיגער פארנאכט. דורך׳ן פענסטער זעהט זיך דער וויי־סער שנעע. אויף דער סצענע געהט לאנגזאם ארום בראָנקא אן אויסגע־מוטשעטע, ווי צוקלעמט פון עפּעס א שמערץ. זי האלט אין האנד א צו־קנייטשטען בריעף, געהט צו צום פענסטער, קוקט לאנג אין פּאַרק, דער־נאך עפענט זי דעם בריעף, גלעט איהם מיט די הענד, שטעהענדיג מיט׳ן רוקען צום פּובליקום.

ב ר אָ נ ק א (לעזט שטיל): „מיין איינציגע, דו מיין ליעב־סטע בראָנקא...“ (לאָזט אראָב דעם בריעף און וויינט): איינצי־גע בראָנקא... יאָ, יאָ, איינציגע. אמת, אמת, איינע אליין אויף דער גאנצער וועלט (קעהרט זיך אום). יאָ, דאָס איז דער ריכטיג־סטער אמת. איך בין איצט ווירקליך איינע אויף דער גאנצער וועלט... א! מאקרינא, מאקרינא! (קלינגט, קוקט זיך ארום מיט אַ בלאָנדזשעדיגען בליק), מאקרינא, אם מיינע, — די שוועסטער האָט זי אויך אויסגעהאָדעוועט, נאָך דעם אין קבר אריינגעלעגט. אך, דיעזער טייך, דיעזער שווארצער טייך...

ד י ע נ ע ר (געהט אַריין): האָט די מאדאם געקלונגען?

ב ר אָ נ ק א: יאָ. היים די מענשען אָבקעהרען דעם שנעע פונ׳ם טייך.

ד י ע נ ע ר (שטעהט און שווייגט).

ב ר אָ נ ק א (אונגעדולדיג): אויף וואָס ווארסטו נאָך?

ד י ע נ ע ר: מיט עטליכע שעה פריהער איז געווען אזא שרעקליכע מעטעליצע, אז שנעע איז אָנגעפאלען אויף א גאנצען מעטער די הויך, עס וועט זיין ארבייט אויף א פּאָר שעה.

ב ר אָ נ ק א (אונגעדולדיג): דאָס איז גאָר ניט. רוף צונויף דעם גאנצען דאָרף, דער טייך מוז זיין ריין, ווי גלאָז, און היים אויס־

האקען פּראָרובקעס. רוף א פישער, היים אנצינדען לאָמטערנעס, היינט וועלען מיר געהען כאַפּען פיש.

ד י ע נ ע ר: איך וועל טהאָן ווי די מאדאם הייסט.

ב ר אָ נ ק א (שטארק אויפגערעגט): אָבער דאָס דאַרף גע־מאכט ווערען באלד, באלד, באלד.

ד י ע נ ע ר (בויגט זיך און וויל ארויסגעהן).

ב ר אָ נ ק א: וואו איז הערר קאזימיעזש?

ד י ע נ ע ר: ער האָט זיך פערשלאָסען ביי זיך אין צימער און געהייסען זאָגען...

ב ר אָ נ ק א: וואָס האָט ער געהייסען זאָגען?

ד י ע נ ע ר: אז היינט וועט ער שוין ניט ארויסגעהן, וויל ער מוז ארבייטען.

ב ר אָ נ ק א (פאַנאַנדערגעצויגען): אזוי? טאָ בעט איהם, אז ער זאָל אויף א ווײַלע יא וועלען אריינגעהן.

ד י ע נ ע ר (בויגט זיך און וויל ווידער ארויסגעהן).

ב ר אָ נ ק א (אין אַ פּלוצליכער פערווירונג): און דעם הערן האָסטו געזעהן?

ד י ע נ ע ר: דער הערר איז מיט א ווײַלע פריהער אוועק אין וואלד.

ב ר אָ נ ק א (אונרוהיג): אליין?

ד י ע נ ע ר: ניין, מיט דער פרײַלין, וועלכע וואוינט ביי אונז.

ב ר אָ נ ק א (קוקט אויף איהם): אָה, נו, אויסגעצייכענט... (פערטראכט) בעט מאקרינא'ן, זי זאָל אריינגעהן צו מיר, און געדענק, אז מען זאָל וואָס ריינער אָבקעהרען דעם שנעע פונ'ם טייך, מען זאָל אויסהאקען פּראָרובקעס און צוגרייטען לאָמטערנעס. מאקרי־נא'ן בעט, זי זאָל באלד קומען.

דער דיענער געהט ארויס.

ב ר אָ נ ק א (אָליין, כאַפּט זיך פאר'ן קאָפּ און געהט ארום אי־בער'ן צימער): אליין, אליין, אליין... ער איז אוועק מיט יע־נע'ן... קאזיו האָט זיך פערשלאָסען... אין גאנצען הויז איז נאָר מאקרינא און איך... כא... כא... כא... (געהט ארום איבער'ן צי־

מער). און מיט צוויי טעג צוריק בין איך געווען זיין איין אײנצי־ גע, און היינט, היינט... (עפענט ווידער דעם בריעף און לעזט שטיל) „א וואָך איז נאָך ניט אוועק, און איך האָב זיך אזוי שרעקליך פער־ בענקט נאָך דיר, אזוי פערבענקט... (ווארפט דעם בריעף אויף דער ערד) א ליגען! א ליגען! (טראכט א ווײלע, בויגט זיך אן און הויבט אויף דעם בריעף, קושט איהם) ניין, ניין, דאָס איז ניט קיין ליגען! (גלעט צארט דעם בריעף, זעצט זיך אויף דער סאָפע). אזוי האָט גאָט געוואָלט, אזוי האָט גאָט געוואָלט...

עס געהט אריין מאקרינא און שטעהט שטיל ביי דער טיר.

ב ר אָ נ ק א (ניט בעמערקענדיג מאקרינא'ן, חזר'ט איבער מיט א שוואכער שטימע): אזוי האָט גאָט געוואָלט.

פויזע.

ב ר אָ נ ק א (שפרינגט פלוצלינג אויף מיט שרעק): ווער איז דאָ? (בעמערקט מאקרינא'ן). אך, דאָס ביסטו, מאקרינא, גוט, גוט, וואָס דו ביסט דאָ. (געהט אונטער צו איהר, נעהמט איהר פאר דער האנד און זעצט זי אוועק נעבען זיך). זעהר גוט, וואָס דו ביסט געקור־ מען, מאקרינא, זעהר גוט... (קוקט שנעל אויף מאקרינא'ן), זאָג מיר נאָר, פון וואנען איז דיר פלוצלינג איינגעפאלען דער געדאנק צו געהן אזוי פיעל טעג אין אזא שטורם און פראָסט, אבי נאָר מיך צו בעזוכען? אזוי פיעל יאָהרען האָסטו גאָר ניט געטראכט ווע־ גען וועלען זעהן דאָס קינד, פאר וועלכען דו ביסט געווען די בעס־ טע מוטער, גלייך ווי עס איז נאָר א יתום געוואָרען. פון וואנען זשע האָט זיך איצט ביי דיר פלוצלינג ערוועקט דיעזער פערלאנג? (רייסט איבער און קוקט מיט פערוואונדערונג אויף מאקרינא'ן).

מ א ק ר י נ א (פערטראכט): אה, דאָס איז פאָרגעקומען ניט פלוצלינג. איך האָב דיך אויסגעהאָדעוועט, געהיט ווי דעם שווארץ-אפעל פונ'ם אויג, איך האָב דיך געהאלטען אזוי טייער, אז אן אייגענע מוטער האָט בעסער ניט געקענט זיין צו א קינד.

ב ר אָ נ ק א: פון וויעגעלע אָן האָסטו מיך געהיט... און אז איך בין געווען אזא קליינע, גאָר א קליינטשיקע — האָסטו מיך מיט דיין מילך געזויגען. ווייסט, מאקרינא, דו ביסט אויף א האָר

ניט עלטער געוואָרען, דו ביסט אלץ די זעלבע רוהיגע, גוטע און שטילע.

מ א ק ר י נ א (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) : רוהיגע, גוטע און שטילע.

ב ר אָ נ ק א : מאקרינא, צי געדענקסטו, ווי דו פלעגסט מיך פאַרזיכטיג ארויסנעהמען פונ'ם וויעגעלע, ווען איך פלעג זיין אונ־רוהיג, און גאנצע נעכט פלעגסטו ארומגעהן מיט מיר איבער'ן צי־מער, מיך וויעגען און האלזען.

מ א ק ר י נ א : איך געדענק דיך נאָך, בעפאָר איך האָב דיך אין וויעגעלע ארייגעלעגט.

ב ר אָ נ ק א (פלוצלינג) : וואָס רעדסטו ?

מ א ק ר י נ א (רוהיג) : איך קאָן דיך נאָך פריהער, איידער דו ביסט אויף דער וועלט געקומען. איך האָב דיך געהאלזט, גע־ווארימט, געקושט, כדי אויפצואוועקען דיך צום לעבען (פערטראכט). איצט קום איך, כדי די זעלבע אויגען, וועלכע איך האָב מיט מיינע קושען צום לעבען געוועקט, צו פערשליסען, צו פערשליסען... אָבער שוין ניט מיט קושען, נאָר מיט אָט די, אָט די פינגער...

ב ר אָ נ ק א (שפרינגט אויף) : וואָס איז דאָס, זעה איך א טרוים ?

מ א ק ר י נ א : צי זעהסטו א טרוים ? און וואָס איז דאָס לעבען ? א חלום אין שלאָף... דער זעלבער שטראהל פון עפּעס א שטערען, וועלכער וועקט דיך צום לעבען, וואנדעלט, וואנדעלט בלאָנדזשענדיג, ניט וויסענדיג ניט וועגען זיין אייגענער שליחות, ניט וועגען דעם גורל פון די מענשען, אויף וועלכע ער האָט אויסגע־גאָסען זיין צערטליכקייט, ווען זיי זיינען אויף דער וועלט געקומען. און נאָך דעם, נאָך פיעלע, פיעלע יאָהרען, קעהרט ער זיך אום צו־ריק, כדי צו פערניכטען דאָס לעבען וואָס ער האָט אליין ארויסגע־רופען...

ב ר אָ נ ק א (דערנעהענט זיך ביסלעכווייז צום גלעקעל).

מ א ק ר י נ א (מיט אַ שמייכעל) : פאַר וואָס שרעקסטו זיך פאר מיר ? דו ווילסט רופען דיינע דיענער ? אפשר ווילסטו מיך ארויסטרייבען פון דאנען ? (כאַפּט בראָנקא'ן פאר דער האַנד).

ב ר אַ נ ק א (מיט שרעק): ס'אַרא קאַלטע האַנד ביי דיר איז, ס'אַרא קאַלטע...

מ אַ ק ר י נ א (קוקט אויף איהר פריינדליך): בראָנקאַ, ווי דו דערמאָהנסט מיר איצט דיין פאָטער... ער איז דאָן געזעסען אין זיין קאַבינעט, געזעסען, און פלוצלינג, ווי אַ בליץ וואָלט איהם געטראָפען, איז ער אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט...

ב ר אָ נ ק א: פאַר וואָס איז ער אויפגעשפּרונגען?

מ א ק ר י נ א: דיין שוועסטער האָט זיך דערטרונקען...

ב ר אָ נ ק א: וואָס? וואָס? וואָס?

מ א ק ר י נ א: דיין שוועסטער האָט זיך דערטרונקען. איך האָב זי אַליין פונ'ם טייך ארויסגעשלעפט, אָט אַקוראַט פון אַזעל־כען, ווי דער, וואָס איז ביי אייך פאַר די פענסטער. איך האָב זי, די אָרימינקע, גענומען אויף די הענד, געוואָרימט, געהאַלזט, גע־קושט — קיין זאַך האָט ניט געהאָלפען.. . איך האָב זי צום לע־בען געוועקט מיט מיינע קושען און די אויסגעלאָשענע אויגען האָב איך מיט מיינע פינגער פערשלאָסען... דיין פאָטער איז געשטאַ־נען ביי דער טיר פון דער וועראַנדע, ווי אַ שטיינערנער סלופּ, און דו ביסט געלעגען איינגעוויקעלט מיט'ן געזיכט אין גראָז, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי דיר מיט מיין טייערער משא...

ב ר אָ נ ק א (קוקט אויף איהר מיט אַ האַלב בלאָנדזשענדיגען בליק): מאַקרינאַ, מיר דאַכט זיך, אַז איך בין קראַנק, איך פער־שטעה ניט, וואָס דו רעדסט. אויף דעם האָסטו מיין שוועסטער און מיך צום לעבען געוועקט, כדי נאָך דעם מיט די קאַלטע פינגער אונז די אויגען צו פערשליסען? אַזוי האָסטו געזאָגט? ניט אמת, הא? און דערנאָך האָסטו געזאָגט, אַז עס זיינען פאַראַן שטערען, וועלכע וועקען דעם מענשען צום לעבען, געהען מיט אונבעקאַנטע וועגען פון פינסטערע פאַראויסבעשטימונגען, און קעהרען זיך וויע־דער אום, כדי צו פערניכטען דאָס לעבען, וואָס זיי האָבען בעשאַ־פען פון זייער אייגענעם ליכט? אַזוי האָסטו געזאָגט? אַך, ס'אַרא שעהנע מעשה'לעך דו דערצעהלסט... אַה, דערצעהל מיר יענע... וואַרט וואַרט... איך בין עפּעס אַזוי מאָדנע שלעפעריג... אמת!

עס זיינען פאראן אזעלכע שטערען, וועלכע רייסען, ציהען, פייניגען דעם מענשען. מען דארף זיי נאכגעהן הויך צו די הימלען, אונטען צום אבגרונד, איבער אלע אקעאנען, אבער מען דארף זיי נאכגעהן, מען דארף... (טולעט זיך צו מאקרינא'ן). ער איז אוועק נאך זיין שטערען, און איך, מאקרינא, איך... בין אייניגקע אליין; דו וועסט דאך מיך נעהמען אויף דיינע הענד און אוועק־טראגען מיך אויף דיינע אקסלען, כדי אנידערצולעגען מיך ביי די פיס פון מיין פאטער... איך וועל זעהן די שוועסטער... איך וועל זעהן די מוטער... מאקרינא, דו ביסט אזא רוהיגע און גו־טע, און שטילע... אך, ווי שלעפעריג איך בין... זייט נעבען מיר, מאקרינא... (גיעט זיך א בויג, ציהט זיך אוים אויף דער סאפע. פערשליסט די אויגען).

מ א ק ר י נ א שטעלט זיך שטילערהייד אויף, קוקט אויף איהר, און געהט דערנאך פעמעהליך ארוים פונ'ם צימער.

עס הערשט א ווײַלע א טיעפע שטילקייט. בראנקא, דאכט זיך, שלאפט, עס געהט אריין קאזימיעזש, געהט צו צו בראנקא'ן.

ק א ז י מ י ע ז ש: בראנקא, וואס איז מיט דיר?

ב ר א נ ק א (ווי אן ערוואכטע פון שלאף): אך, קאזיו, קא־זיו, ווי גוט, וואס דו ביסט געקומען.

ק א ז י מ י ע ז ש: דו האסט געשלאפען, בראניו?

ב ר א נ ק א: איך וויים ניט, איך וויים ניט, איך וויים ניט. דער קאפ איז מיר אזוי שווער, און אליין בין איך אזא איינזאמע, איינזאמע... טאדעאוש איז אוועק מיט יעווא'ן אין וואלד, און איך בין אזא איינזאמע. קאזיו, פאר וואס בין איך אזא איינזאמע?

ק ז י מ י ע ז ש (מיט שרעק): נעבען דיר איז דאך אבער געוועזן מאקרינא?

ב ר א נ ק א (רייבט אוים די אויגען און גלעט מיט דער האנד דעם שטערען): מאקרינא? וואס רעדסטו? מאקרינא? מיר האט זיך גע'חלום'ט מאקרינא, מיר האט זיך גע'חלום'ט מיין פא־טער, מיר האט זיך גע'חלום'ט מיין מוטער... קאזיו, קאזיו. מיין מוטער האט זיך מיר גע'חלום'ט! ווייסט, ווי דאס איז געוועזן:

איך בין געגאנגגען, געגאנגגען, געגאנגגען איבער עפעס א וויסטען, משופע'דיגען פעלד. ארום אין א גרויער פינסטערניש שווארצען זיך נאָר צלמים, און פלוצלינג, אויפ'ן וועג זיצט עפעס א פּרויענצימער; איך האָב קיין זאך ניט געזעהן, איך האָב קיין זאך ניט געהערט, איך האָב נאָר געפיהלט, אז דאָרט זיצט מיין מוטער און טולעט אין שויס א טויט קינד... כא־כא־כא! קאזיו, וואָס ביסטו אזא דער־שראָקענער? הער — און זי קוקט ווי אן אנדער קינד בלאָנדזשעט מיט בארפיסע פיס איבער דערנערדיגע שטעגלעך און שטעגען... קריכט מיט גרוים מיה העכער, אלץ העכער... און איך געה אזוי און געה, ווי אימיצער וואָלט מיך געשלעפט נאך זיך און דערנאָך לאָזט מיין מוטער איבער דאָס קינד, וואָס זי האָט געטולעט ביי זיך אין שויס, און שטרעקט אויס צו מיר איהרע ארעמס, און איך, שוין א שטערבליך מיעדע, ווארף זיך אויפ'ן ברוסט פון דער מו־טער... און פלוצלינג וואָלט ווי א ווינד אראָבגעבלאָזען פון איהר דעם נעבעל־שלייער, און איך ליעג אין שרעקליכע, אייזערנע ארעמס פון א ביינערדיגען סקעלעט... אה!..

קאזימיעזש: בראניו, בראניו, דו ביסט קראנק.

בראניו: כא... כא... כא... קראנק, קראנק. וואָס הייסט עס זיין קראנק? (קוקט לאנג אויף קאזימיעזש'ען און זאָגט דערנאָך געהיימניספול): קאזיו, קאזיו, דו האָסט מיר היינט אין דער פריה געזאָגט, אז דו ליעבסט מיך. צי האָט זיך מיר גע'־חלום'ט, צי איז דאָס טאקי אן אמת, אז דו האָסט מיר געזאָגט, אז דו ליעבסט מיך?

קאזימיעזש: יא, יא, איך האָב דיר געזאָגט און איך זאָג דיר נאָך אמאָל, אז איך ליעב דיך.

בראָנקא: אך, ווי גוט דאָס איז, וואָס דו ליעבסט מיך. דו וועסט מיך ניט פערלאָזען, קאזיו? קיין מאָל ניט, הא?

קאזימיעזש: ניין.

בראָנקא: און ווייסטו, פאר וואָס האָט מיך טאדעאוש פערלאָזען?

קאזימיעזש: איך ווייס.

ב ר אָ נ ק א: און איך ווייס אויך. אזוי, קאזיו, ניט אמת, הא?

ק א ז י מ י ע ז ש: וואָס?

ב ר אָ נ ק א: איך בין געווען א שנעע, אזא גוטער, ווייסער שנעע, וואָס בעדעקט די ארמע ערד, ווארימט זי. צי ניט אזוי, קאזיו?

ק א ז י מ י ע ז ש (פערטראכט): יאָ... און אפשר ביסטו געווען א גוטע, צארטע האנד, וועלכע האָט צוגעטולעט עפּעס א פערוואונדעטען פויגעל... איהם איז אזוי גוט געווען נעבען דיר, כל זמן ער איז געווען קראנק, און איצט זיינען איהם אויף די פלי־געל נייע פעדערען אויסגעוואקסען, די מוסקולען האָבען זיך פער־שטארקט, און ער גרייט זיך אוועק צו פליהען... און ער דארף זיך גאָר ניט גרייטען, ווייל ער האָט שוין אויפגעפלאטערט מיט זיינע פליגעל.

ב ר אָ נ ק א (דערשראָקען): ניט רעד, ניט רעד וועגען דעם!

ק א ז י מ י ע ז ש (אויפגערעגט): און איך וועל דוקא וועגען דעם רעדען. טאדעאוש וועט אוועקפליהען פון דיר מיט יעווא׳ן.

ב ר אָ נ ק א: מיט יעווא׳ן? מיט יעווא׳ן? ווער איז דאָס יעווא? וואָס איז זי?

ק א ז י מ י ע ז ש: ווער איז זי? וואָס איז זי? מיין טרוים, דיין קוועלענדער הינהער־פלעט, טאדעאוש׳עס גהינום־דארשט. אָט וואָס איז אזוינס יעווא. (שמייכעלט). דו פער־שטעהסט נאָך ניט? טאָ הער זיך איין: יעווא איז מיין טרוים, ווייל איך האָב זי געדארפט, כדי דיך צו דערזעהן אין דיין גאנצער גרוים, שעהנהייט און קראפט. פאר דיר איז יעווא שרעק און שווי־דער, ווייל דו פיהלסט, אז זי רייסט אָב פון דיר טאדעאוש׳ן, פאר וועלכען זי איז א גיהנום־דאָרשט נאָך עפּעס א גרויסען שוואונג און גרויסער מאכט, נאָך אן אונענדליכע בענקשאפט, וואָס טראָגט איהם אוועק הויך, הויך אזש צו די הימלען.

ב ר אָ נ ק א (שפּרינגט אויף און גלייכט זיך אויס): זעה, איך בין שטארק, איך בין גענוג מעכטיג און קאלט, כדי זיי און

איהם צו פערניכטען, צו צערשמעטערען! איך בין שטארקער פון זיי אלעמען. איך וועל זיי צורייסען, ערמארדען, ווייל איך בין זיין איינציגע בענקשאפט.

ק א ז י מ י ע ז ש: דער פייל פון זיין בענקשאפט איז גע־פאלען ווייטער פון דיר.

ב ר א נ ק א (אונזיניג): אבער, קאזיו, קוק אויף מיר, קוק! קוק, איך בין אויך יונג און שעהן... א גאנצע אייביגקייט האט ער מיר גע׳חזר׳ט דאס ווארט: ווי הערליך דו ביסט. פאר וואס זשע איז זיין בענקשאפט אוועק ווייטער פון מיר?

ק א ז י מ י ע ז ש (נעהמט זי פאר די הענד און רעדט צארט און שטיל): פאר מיר ביסטו הערליך און א גרויסע, הייליגע טרייסט...

ב ר א נ ק א (קוקט אויף איהם, און נאך דעם פלוצלינג): דו רייצט זיך מיט מיר?

ק א ז י מ י ע ז ש: ניין, בראנקא, ניין, איך האב דיר שוין היינט אין דער פריה געזאגט, אז איך וואלט דיך פעראכט, ווען דו וואלסט מיר נעענטפערט מיט געגענזייטיגער ליעבע, אבער איך ליעב דיך אזא הערליכע, ווי דו ביסט אין דיין גאנצער מאכטלאזיג־קייט און פערצוויפלונג... עפעס שלעכטס געהט פאר אין דיעזען הויז, און איך וויל דיר זיין א ברודער, א פריינד, וואס דו ווילסט...

ב ר א נ ק א: קאזיו, זאגסטו דאס ערנסט?

ק א ז י מ י ע ז ש: צי דען קענסטו מיך ניט אויף אזוי פיעל?

ב ר א נ ק א (גלעט איהם): איך קאן דיך, קאזיו, איך קאן. איך בין איינינקע אליין, אליין אויף דער גאנצער וועלט, און דו ביסט אליין, אליין... דיך ליעב איך ניט, אבער איך ליעב דיין גוטע, שעהנע ליעבע. זאג מיר, קאזיו, וואס בעדייטעט עס, וואס איך בין אזוי שלעפעריג, אויסגעמוטשעט?

ק א ז י מ י ע ז ש (צארט): דו האסט א גאנצע נאכט ניט גע־שלאפען.

ב ר אָ נ ק א: אה, ווי איך האָב איהם געמוטשעט און ווי ער האָט מיך געמוטשעט.

ק א ז י מ י ע ז ש: וואָס האָט ער געזאָגט?

ב ר אָ נ ק א: גאָר ניט, גאָר ניט. ער איז געווען א גוטער, ער איז געווען א זיסער, ער איז געווען א ליעבער, איך האָב נאָר פערשטאנען, אז דער פייל פון זיין בענקשאפט איז אראָבגעפאַלען וויט, וויט הינטער מיר (פּלוצלינג מיט אַ געשריי). קאזיו, וואו איז טאדעאוש?

ק א ז י מ י ע ז ש: ער איז אוועק מיט יעוואַ'ן אין וואלד.

ב ר אָ נ ק א (פּלוצלינג פערטראכט): איבער וועלדער, איבער בערג, איבער ימים... אך, אויך איבער בראָנקא'ן, דער איינ־ציגער, ליעבער בראָנקא, און איצט איבער אזא איינזאמער בראָנ־קא, וואוהין? וואוהין?

קא ז י מ י ע ז ש (גלעט איהר די הענד): איך וויים ניט.

ב ר אָ נ ק א: קאזיו, קאזיו, צי האָט זיך מיר גע'חלום'ט, אָדער מיר דאכט זיך, אז מאקרינא איז דאָ געווען?

ק א ז י מ י ע ז ש: איך האָב זיך מיט איהר אָנגעטראָפען אין פאָדער־צימער.

ב ר אָ נ ק א: יא? דו האָסט זיך אָנגעטראָפען מיט איהר?.. זאָג, וואָס ביסטו אזוינס?

ק א ז י מ י ע ז ש (שמייכעלט געהיימניספול): כא... אפשר מאקרינא'ס א ברודער, ווייל קיינער האָט דיך ניט אזוי גע־ליעבט ווי מאקרינא און איך.

ב ר א נ ק א: דאָס איז אמת, דאָס איז אמת.

ק א ז י מ י ע ז ש: אמת, פון וויים איז געקומען צו דיר מאקרינא, פון ווייט בין איך געקומען צו דיר, כדי צו זאָגען דיר, אז איך ליעב דיך...

פויזע.

ב ר אָ נ ק א: יאָ, יאָ, דו און מאקרינא.

עס געהט אריין דער דיענער.

ד י ע נ ע ר: מאדאם, דער שנעע איז אָבגעקעהרט.

ב ר אָ נ ק א: אה, ווי איך בין דיר דאנקבאר פאר דעם... און די פּראָרובקעס זיינען אויסגעהאקט?

ד י ע נ ע ר: יאָ.

ב ר א נ ק א: האָסטו געהייסען רופען די פישער?

ד י ע נ ע ר: יאָ.

ב ר אָ נ ק א: די לאַמטערנעס זיינען צוגעגרייט?

ד י ע נ ע ר: יאָ, מאדאם.

ב ר אָ נ ק א: א דאנק. קענסט געהן.

דער דיענער געהט ארויס.

ק א ז י מ י ע ז ש: וואָס בעדייט עס?

ב ר אָ נ ק א: דאָס בעדייט גאָר ניט. איך געה כאַפּען פיש... (פראגענד) קאזיו, געהסטו מיט מיר?

ק א ז י מ י ע ז ש: איך וועל געהן, וואו דו ווילסט. (פויזע).

ב ר אָ נ ק א (פלוצלינג פרעהליך): געדענקסט אונזער וואונ־דערבארעס גליצען זיך איבער'ן טייך נעכטען און עהער נעכטען?

ק א ז י מ י ע ז ש (פערטראכט און פערקוקט אין דער זייט): איך געדענק.

ב ר אָ נ ק א (שנעל, דערנאך אלץ לאנגזאמער): וואָס האָסטו זיך פלוצלינג אזוי פערטראכט און פערקוקט אין דער בלויער ווייט, אין דער וויים פונ'ם שנעע און אין יענע שווארצע פעלדער, אויף וועלכע עס וועט זיך פערנאנדערגרינען די ווינטער־תבואה, ווען דער שנעע וועט פערשווינדען?..

ק א ז י מ י ע ז ש (ווי אן עכאָ): ווען דער שנעע וועט פער־שווינדען...

ב ר אָ נ ק א: קאזיו, ליעבסטו מיך טאקי אויף אן אמת?

ק א ז י מ י ע ז ש: איך ליעב!

ב ר אָ נ ק א: ווייסטו אָבער, אז איך ליעב נאָר טאדע־אוש'ן?

ק א ז י מ י ע ז ש: איך וויים.

ב ר אָ נ ק א: און דו, אזא וואוילער, גוטער, וואָלסט מיך געקענט פעראכטען, ווען איך וואָלט דיך געליעבט געגענזייטיג?

ק א ז י מ י ע ז ש: יאָ, איך וואָלט דיך פעראכט, ווען דו וואָלסט כאָטש מיט איין איינציגער בעוועגונג מיר ארויסגעוויזען דיין געגענזייטיגע ליעבע.

ב ר אָ נ ק א: נו, אז איך וואָלט ביי דיר עפּעס זעהר, זעהר געבעטען, וואָלסטו געוועזען אים שטאנד דאָס צו ערפילען?

ק א ז י מ י ע ז ש: וואָס?

ב ר אָ נ ק א (פראגענד): וואָס איך האָב מיט דיר גערעדט אויך?

א ווײַלע שטיל, קוקען איינע אויף די אנדערע.

ק א ז י מ י ע ז ש: אלץ, אלץ.

ב ר אָ נ ק א (פּלוצלינג): וואו זיינען די גליץ־שיך?

ק א ז י מ י ע ז ש: צו וואָס דארפסטו די גליץ־שיך?

ב ר אָ נ ק א: פון פאָרם וועגען, פון פאָרם...

ק א ז י מ י ע ז ש: גוט. ווי דו ווילסט.

ב ר אָ נ ק א: זאָל זיין.

ק א ז י מ י ע ז ש: המ... זאָל זיין.

ב ר אָ נ ק א (אין העכסטען שרעק): דארף עס געשעהן?

ק א ז י מ י ע ז ש: יאָ! (שמייכעלט) אָבער צו וואָס האָסטו געהייסען צונויפרופען די פישער? צו וואָס מענשען? לאמטערנעם?

ב ר אָ נ ק א (קוקט אויף קאָזימיעזש'ן): אמת, אמת! מען קען דאָך דאָס אלץ אזוי מאכען, אז קיינער וועט ניט וויסען. כא, כא, ס'אראַ נארישע אויסטראכטעניש! זיי קענען נאָך רעטען א מענשען אין דער לעצטער מינוט... כא, כא, כא... אָך, ס'ראא נארישע קאָמעדיע האָט מיר אונטערגעזאָגט מיין אָרים הארץ... (קלינגט).

דער דיענער געהט ארײַן.

ד י ע נ ע ר: וואָס וועט די מאדאם בעפעהלען?

ב ר אָ נ ק א: זאָג, אז היינט וועלען מיר ניט געהן כאַפּען קיין פיש. מאָרגען אין דער פריה, מאָרגען אין דער פריה — פערשטעהסט?

ד י ע נ ע ר (פערוואונדערט): און אלץ איז שוין צוגעגרייט

ב ר אָ נ ק א: דאָס איז זעהר גוט. אָבער פיש כאפּען וועלען מיר ערשט געהן מאָרגען פריה, — כא, כא, אונגעוואוינליכע פיש...

ד י ע נ ע ר: דארף מען די לאמטערנעס אויך ניט?

ב ר אָ נ ק א: דו האָסט מיך נאָך אלץ ניט פערשטאנען?

ד י ע נ ע ר: איך פערשטעה, מאדאם, אָבער דער טייך איז שוין אויסגעקעהרט.

ב ר אָ נ ק א: זעהר גוט.

ד י ע נ ע ר: די פּראָרובקעס דורכגעהאקט.

ב ר אָ נ ק א: נאָך בעסער.

ד י ע נ ע ר: איז אָברופען אלץ צוריק?

ב ר אָ נ ק א: איך האָב דיר שוין טויזענד מאָל געזאָגט.

דער דיענער גיט זיך אַ נייג און געהט ארויס.

ק א ז י מ י ע ז ש: געהען מיר!

ב ר אָ נ ק א: געהען מיר — דיר איז דאָך אלץ איינס וואו צו לאנגוויילינגען זיך, צי דאָ, צי דאָרטען? (לאַכט היסטעריש).

ק א ז י מ י ע ז ש: גאנץ עגאל — און אם ענדע וועט דאָך מיין פּערזאָן דיענען פאר'ן בעסטען בעוויז פון א מערקווירדיגען, ריכטיגער געזאָגט, זעהר געוואוינליכען צופאל, וואָס צוויי מענשען זיינען ארייגעפאלען אין פּראָרובקע (ביידע לאַכען). מען דארף אפילו קיין צואה ניט שרייבען...

ב ר אָ נ ק א (קלייבט זיך צו נערוועז): כא, כא, כא — אָהן א צואה, אָהן א צואה... ביסטו שוין פארטיג?

ק א ז י מ י ע ז ש: שוין לאנג.

ב ר אָ נ ק א: געהען מיר, געהען מיר... (קוקט זיך ארום, זע־געגנט זיך מיט'ן צימער מיט א בליק — געהען ביידע ארויס).

די סצענע איז אוויילע לעער. עס געהט אריין מאקרינא, קוקט זיך ארום איבער אלע ווינקלען.

זיי זיינען אוועק, שוין אוועק... מיין שניט־צייט... מיין שניט־צייט... איינע האָב איך געטראָגען אויף די הענד... און איצט די צווייטע... די צווייטע... (געהט אונטער צו דער סאָפע, ארומגעהענדיג

פעמעהליך איבער'ן צימער). דא איז געזעסען די ליעבע, ווייסע טויב... דא... און איך האב זי מעהר פון אלעמען ליעב געהאט... (געהט וויטער ארום איבער'ן צימער, בעריהרט דאס מעבעל). דא האט מיין טייבעלע בעהאלטען איהרע טרערען (געהט אונטער צום פאטעל). דא איז נאך היינט אין דער פריה געזעסען בראנקא... בראנקא... בראנ־קא... און זי וועט זיך שוין ניט אומקעהרען, ניט אומקעהרען... אויך יענער שעהנער פויגעל וועט זיך ניט אומקעהרען... אזוי האט גע־מוזט געשעהן... דער ווייסער שאטען פון איהר מוטער געהט ארום איבער'ן פאלאץ און רופט... רופט... זיי וועלען זיך שוין ניט אומ־קעהרען, ניט אומקעהרען זיך קיינמאל... איצט וועל איך שוין דא פערבלייבען...

זעצט זיך אונבעוועגליך און פערבלייבט אזוי.

ע נ ד ע.

—— מייזעל עט קא. ——

יודישער פערלאג פיר ליטעראטור און וויסענשאפט

## ביערנסטערנע ביערנסאָן

# איבער אונזער קראפט

א דראמא אין צוויי טיילען,

מיט אן אבשאצונג פון פערפאסער און זיין ווערק,

פון דר. ה. זאלאטאראוו.

„איבער אונזער קראפט" בעהאנדעלט א וועלט־פּראָבלעם. אין אונזער גלויבען און שטרעבען צו דעם העכסטען — צום אידעאַל פון אונזער נשמה — אין דעם ברענענדען בעגעהר צו דערגרייכען דעם אידעאַל — איז דאָ עפּעס אזוינס, וואָס מיר קענען ניט בייקומען... דאָס איז דער טיעפער פילאָזאָפישער טהעזיס פון דער דראמא. און בעאבאכטענדיג אָט דעם פאקט אין דעם רעעלען לעבען, מערקט מען, ווי צוליעב דעם אונדערגרייכבארען שפּיעלען זיך אב אין לעבען א רייהע פון דראמאטישע קאָנפליקטען, וואָס נעהמען ארום דאס טיעפסטע און דאָס אנגעוועהטאָגסטע אין דעם פּסיכישען און סאָציאַלען לעבען פון מענשען.

ביערנסאָן האָט דעם דראמאטישען קאָנפליקט פארגעשטעלט נור אין צוויי ווינקעלעך פון׳ם לעבען — אין די צוויי טיילען פון דער דראמא „איבער אונזער קראפט". דער ערשטער טייל איז פערפאסט געוואָרען מיט יאָהרען און יאָהרען פריהער פאר דעם צווייטען טייל; אָבער אין ביידע טיילען ציהט זיך דערזעלביגער טיעפער אינהאלט, אָבגעשפּיעלט נור אויף פערשיעדענע געביטען פון׳ם לעבען. אין ביידע טיילען טרעטען ארויס דיזעלביגע גייסטיגע קרעפטען פון די העלדען — זייער גרויסער שטרעבען צו דעם העכסטען, זייער גרויסער גלויבען אין דעם אידעאַל, וואָס טרייבט זיי צו דער לעבענסטהעטיגקייט, וועלכע בריינגט זיי אין א קאָנפליקט מיט די אויסערע קרעפטען, וואָס הערשען און געוועלטיגען — מיט דעם עפּעס וואָס איז איבער אונזער קראפט — און זיי מוזען פאלען — די גרויסע קרבנות פון זייער גלויבען.

אויסצוג פון דר. ה. זאלאטאראוו׳ס איינלייטונג.

פרייז, בראָשירט, 50 סענט; שעהן געבונדען, 75 סענט.

422 GRAND ST., N. Y.